# נביאים ראשונים

## מלכים א, ב,

אידיש פון

יהואָש

פאַרלאַג
„תּנך"
ניו־יאָרק
1927

# מְלָכִים א

# מְלָכִים א

א 1און דער מלך דוד איז געוואָרן אַלט און באַטאָגט, און מע
האָט אים צוגעדעקט מיט קליידער, אָבער אים פלעגט ניט
וואַרעם ווערן. 2האָבן זיינע קנעכט צו אים געזאָגט: זאָל מען
זוכן פאַר מיין האַר דעם מלך אַ מיידל אַ יונגפרוי, און זי וועט
שטיין פאַר דעם מלך, און וועט אים זיין אַ וואַרטאָרן; און זי
וועט ליגן אין דיין בוזעם, און עס וועט וואַרעם זיין מיין האַר
דעם מלך.

3און זיי האָבן געזוכט אַ שיין מיידל אין גאַנצן געמאַרק פון
ישׂראל, און זיי האָבן געפונען אַבישַג פון שונֵם, און האָבן זי
געבראַכט צום מלך. 4און די מיידל איז געווען שיין ביז גאָר;
און זי איז געווען דעם מלך אַ וואַרטאָרן, און האָט אים באַדינט;
אָבער דער מלך האָט זי ניט דערקענט.

5און אַדוניָה דער זון פון חַגיתן האָט זיך איבערגענומען,
אַזוי צו זאָגן: איך וועל ווערן מלך. און ער האָט זיך אָייני
געשאַפט רייטוועגן און רייטער, און פופציק מאַן וואָס זיינען
געלאָפן אים פאַרויס. 6וואָרום זיין פאָטער האָט אים אין זיין
לעבטאָג ניט באַטריבט, אַזוי צו זאָגן: פאַרוואָס טוסטו אַזוי?
און ער איז אויך געווען זייער שיין אין געשטאַלט. און ער איז
געבאָרן געוואָרן נאָך אַבשָלומען.

7און ער האָט געהאַט אַ גערייד מיט יוֹאָב דעם זון פון
צרויָהן, און מיט אֶביָתָר דעם כֹּהן, און זיי האָבן מיטגעהאָלפן
אַדוניָהן. 8אָבער צָדוק דער כֹּהן, און בנָיָהו דער זון פון

יהוֹיָדָען, און נָתָן דער נָביא, און שמעי, און רֵעִי, און די גיבּוֹרים
וואָס בײַ דודן, זײַנען ניט געווען מיט אֲדוֹנִיָהוּן.
9און אֲדוֹנִיָהוּ האָט געשאָכטן שאָף און רינדער און
געשטאָפּטע קעלבער בײַ דעם שטיין זוֹחֶלֶת וואָס לעבן עֵין
רוֹגֵל, און ער האָט פאַררופן אַלע זײַנע ברידער, דעם מלכס
זין, און אַלע מענער פון יהודה, דעם מלכס קנעכט. 10אָבער
נָתָן דעם נָביא, און בְּנָיָהוּן, און די גיבּוֹרים, און זײַן ברודער
שלמהן, האָט ער ניט גערופן.
11האָט נָתָן געזאָגט צו בַּת־שֶׁבַעַן, שלמהס מוטער, אַזוי צו
זאָגן: האָסטו ניט געהערט אַז אֲדוֹנִיָהוּ דער זון פון חַגִיתן איז
געוואָרן מלך, און אונדזער האַר דוד ווייס ניט? 12און אַצונד,
קום לאָמיך אַקאָרשט דיר געבן אַן עצה, און ראַטעווען דײַן
לעבן און דאָס לעבן פון דײַן זון שלמהן. 13גיי און קום צום
מלך דוד, און זאָלסט זאָגן צו אים: האָסטו, מײַן האַר מלך, ניט
געשוואָרן דײַן דינסט, אַזוי צו זאָגן: נאָר דײַן זון שלמה זאָל קיניגן
נאָך מיר, און ער זאָל זיצן אויף מײַן טראָן? הײַנט פאַרוואָס
איז אֲדוֹנִיָהוּ געוואָרן מלך? 14אָט ווי דו רעדסט נאָך דאָרטן מיטן
מלך, אַזוי וועל איך קומען נאָך דיר, און וועל פאַרפולן דײַנע
ווערטער.
15איז בַּת־שֶׁבַע אַרײַנגעגאַנגען צום מלך אין קאַמער.—און
דער מלך איז געווען זייער אַלט, און אֲבִישַׁג פון שוּנֵם האָט
באַדינט דעם מלך.—16און בַּת־שֶׁבַע האָט זיך געניגט און זיך
געבוקט צום מלך. האָט דער מלך געזאָגט: וואָס איז דיר?
17האָט זי צו אים געזאָגט: מײַן האַר, דו האָסט געשוואָרן דײַן
דינסט בײַ יהוה דײַן גאָט: נאָר דײַן זון שלמה זאָל קיניגן נאָך מיר,
און ער זאָל זיצן אויף מײַן טראָן. 18און אַצונד זע, אֲדוֹנִיָה איז
געוואָרן מלך, און אַצונד, מײַן האַר מלך, ווייסטו גאָר ניט. 19און
ער האָט געשאָכטן אָקסן און געשטאָפּטע קעלבער און שאָף אַ

סך, און ער האָט פֿאַררופֿן אַלע זין פֿון דעם מלך, און אֶבֿיָתָר
דעם כּהן, און יואָב דעם חיל־פֿירער; אָבער דײַן קנעכט שלמהן
האָט ער ניט גערופֿן. [20]און דו מײַן האַר מלך, אויף דיר זײַנען
די אויגן פֿון גאַנץ ישׂראל, זײ צו זאָגן, װער זאָל זיצן אויף דעם
טראָן פֿון מײַן האַר דעם מלך נאָך אים. [21]װאָרום עס װעט
זײַן, װי מײַן האַר דער מלך לייגט זיך מיט זײַנע עלטערן, אַזוי
װעל איך און מײַן זון שלמה זײַן פֿאַרשולדיקטע.

[22]און אָט װי זי רעדט נאָך מיטן מלך, אַזוי איז נָתָן דער נבֿיא
געקומען. [23]האָט מען אָנגעזאָגט דעם מלך, אַזוי צו זאָגן: נָתָן
דער נבֿיא איז דאָ. און ער איז געקומען פֿאַר דעם מלך, און
האָט זיך געבוקט צום מלך אויף זײַן פּנים צו דער ערד. [24]און
נָתָן האָט געזאָגט: מײַן האַר מלך, האָסט דו געזאָגט: אַדוֹנִיָהו זאָל
קיניגן נאָך מיר, און ער זאָל זיצן אויף מײַן טראָן? [25]װאָרום ער
האָט הײַנט אַראָפּגענידערט, און האָט געשאָכטן אָקסן און
געשטאָפּטע קעלבער און שאָף אָ סך, און ער האָט פֿאַררופֿן
אַלע זין פֿון דעם מלך, און די חיל־פֿירער, און אֶבֿיָתָר דעם כּהן,
און אָט עסן זײ און טרינקען מיט אים, און זאָגן: לעבן זאָל דער
מלך אַדוֹנִיָהו! [26]אָבער מיך, מיך דײַן קנעכט, און צָדוֹק דעם כּהן,
און בְּנָיָהו דעם זון פֿון יהוֹיָדָען, און דײַן קנעכט שלמהן, האָט ער
ניט גערופֿן. [27]צי איז דידאָזיקע זאַך געשען פֿון מײַן האַר דעם
מלך, און האָסט ניט צו װיסן געטאָן דײַן קנעכט, װער עס זאָל
זיצן אויף דעם טראָן פֿון מײַן האַר דעם מלך נאָך אים?

[28]האָט געענטפֿערט דער מלך דוד און האָט געזאָגט: רופֿט
מיר אַרײַן בַּת־שֶׁבַֿען. און זי איז געקומען פֿאַרן מלך און האָט
זיך געשטעלט פֿאַרן מלך. [29]און דער מלך האָט געשװאָרן און
געזאָגט: אַזוי װי עס לעבט גאָט, װאָס האָט אויסגעלייזט מײַן
זעל פֿון יעטװעדער צרה, [30]אַז אַזוי װי איך האָב דיר געשװאָרן
בײַ יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: נאָר דײַן זון שלמה

זאָל קיניגן נאָך מיר, און ער זאָל זיצן אויף מיין טראָן נאָך מיר—
אַז אַזוי װעל איך טאָן היינטיקן טאָג!
31 האָט בַּת־שֶׁבַע זיך גענייגט מיטן פּנים צו דער ערד, און
זיך געבוקט צום מלך, און האָט געזאָגט: אייביק לעבן זאָל מיין
האַר דער מלך דוד!
32 און דער מלך דוד האָט געזאָגט: רופט מיר צָדוק דעם
כֹּהן, און נָתָן דעם נביא, און בְּנָיָהו דעם זון פון יהוֹיָדָען. זיינען
זיי געקומען פאַרן מלך, 33 און דער מלך האָט צו זיי געזאָגט:
נעמט מיט אײַך די קנעכט פון אײַער האַר, און זעצט אַרויף מיין
זון שלמהן אויף מיין מוילאייזעלין, און איר זאָלט אים מאַכן
נידערן צום גיחון. 34 און זאָל צָדוק דער כֹּהן און נָתָן דער נביא
אים דאָרטן זאַלבן פאַר אַ מלך איבער ישׂראל. און איר זאָלט
בלאָזן אין שופר, און זאָגן: לעבן זאָל דער מלך שלמה! 35 און
איר זאָלט אַרויפגיין נאָך אים, און ער זאָל קומען און זיך זעצן
אויף מיין טראָן, און ער זאָל קיניגן אויף מיין אָרט, וואָרום אים
האָב איך באַפוילן פאַר אַ פירשט איבער ישׂראל און איבער
יהודה.
36 האָט בְּנָיָהו דער זון פון יהוֹיָדָען געענטפערט דעם מלך
און האָט געזאָגט: אָמן! אַזוי זאָל זאָגן יהוה דער גאָט פון מיין
האַר דעם מלך! 37 אַזוי ווי גאָט איז געווען מיט מיין האַר דעם
מלך, אַזוי זאָל ער זיין מיט שלמהן, און ער זאָל גרייסן זיין טראָן
נאָך מער פון דעם טראָן פון מיין האַר דעם מלך דוד.
38 און צָדוק דער כֹּהן, און נָתָן דער נביא, און בְּנָיָהו דער זון
פון יהוֹיָדָען, און די כְּרֵתים און די פְּלֵתים, האָבן אַראָפּ־
גענידערט, און זיי האָבן אַרויפגעזעצט שלמהן אויף דער מויל־
אייזעלין פון מלך דוד, און האָבן אים אַראָפּגעפירט צום
גיחון. 39 און צָדוק דער כֹּהן האָט גענומען דעם האָרן מיט אייל
פון געצעלט, און ער האָט געזאַלבט שלמהן; און זיי האָבן

געבלאָזן אין שופר, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזאָגט: לעבן
זאָל דער מלך שלמה! [40]און דאָס גאַנצע פאָלק איז אַרויפ־
געגאַנגען נאָך אים, און דאָס פאָלק האָט געפייפט אויף פייפלען,
און זיך געפרייט אַ גרויסע פרייד, און די ערד האָט זיך
געשפאָלטן פון זייער ליאַרעם.
[41]און אַדוֹנִיָהו און אַלע פאַררופענע וואָס מיט אים האָבן
דאָס דערהערט, ווען זיי האָבן געענדיקט עסן. און ווי יואָב
האָט דערהערט דעם קָול פון שופר, אַזוי האָט ער געזאָגט:
וואָס טומלט דער ליאַרעם פון שטאָט?
[42]ווי ער רעדט נאָך, ערשט יוֹנָתָן דער זון פון אֶבְיָתָר דעם
כֹּהן קומט אָן. האָט אַדוֹנִיָהו געזאָגט: קום אַהער, וואָרום אַ
ווילער מענטש ביסטו, און גוטס וועסטו אָנזאָגן. [43]האָט
געענטפערט יוֹנָתָן און געזאָגט צו אַדוֹנִיָהון: פאַרוואָר, אונדזער
האַר דער מלך דוד האָט געמאַכט שלמהן פאַר מלך. [44]און
דער מלך האָט געשיקט מיט אים צָדוֹק דעם כֹּהן, און נָתָן דעם
נביא, און בְּנָיָהו דעם זון פון יְהוֹיָדָען, און די כְּרֵתִים און די
פְּלֵתִים, און זיי האָבן אים אַרויפגעזעצט אויף דער מוילאייזעלין
פון מלך. [45]און צָדוֹק דער כֹּהן און נָתָן דער נביא האָבן אים
געזאַלבט פאַר מלך ביים גיחון, און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען פון
דאָרטן פריילאַכע, און די שטאָט האָט געטומלט; דאָס איז דער
ליאַרעם וואָס איר האָט געהערט. [46]און שלמה האָט זיך אויך
געזעצט אויפן טראָן פון דער מלוכה. [47]און אויך זיינען די
קנעכט פון מלך געקומען ווינטשן אונדזער האַר דעם מלך דוד,
אַזוי צו זאָגן: זאָל דיין גאָט באַגיטיקן שלמהס נאָמען נאָך מער
פון דיין נאָמען, און גרייסן זיין טראָן נאָך מער פון דיין טראָן.
און דער מלך האָט זיך געבוקט אויפן געלעגער. [48]און אויך
האָט דער מלך אַזוי געזאָגט: געלויבט איז יהוה דער גאָט פון

ישׂראל, וואָס האָט היינט געגעבן ווער זאָל זיצן אויף מיין טראָן,
און מיינע אויגן זעען עס.
[49]האָבן אַלע פאַררופענע וואָס ביי אַדוֹניָהוּן אויפגעציטערט
און זיי זיינען אויפגעשטאַנען, און געגאַנגען איטלאַכער אויף
זיין וועג. [50]און אַדוֹניָהוּ האָט מורא געהאַט פאַר שלמהן, און
ער איז אויפגעשטאַנען, און איז געגאַנגען און האָט זיך אָנגענומען
אָן די הערנער פון מזבח.
[51]איז אָנגעזאָגט געוואָרן שלמהן, אַזוי צו זאָגן: זע, אַדוֹניָהוּ
האָט מורא פאַר דעם מלך שלמה, און אָט האָט ער זיך אָנ
געכאַפּט אָן די הערנער פון מזבח, אַזוי צו זאָגן: זאָל מיר דער
מלך שלמה היינט שווערן, אויב ער וועט טייטן זיין קנעכט מיטן
שווערד.
[52]האָט שלמה געזאָגט: אויב ער וועט זיין אַן אָרנטלאַכער
מענטש, וועט אַ האָר פון אים ניט פאַלן צו דער ערד; אויב
אָבער בייז וועט געפונען ווערן אין אים, וועט ער שטאַרבן.
[53]און דער מלך שלמה האָט געשיקט, און מע האָט אים
אַראָפּגענידערט פון מזבח; און ער איז געקומען, און האָט זיך
געבוקט צום מלך שלמה, און שלמה האָט צו אים געזאָגט: גיי
אַהיים.

ב [1]און די טעג פון דודן האָבן גענענט צום שטאַרבן, און ער
האָט באַפוילן זיין זון שלמהן, אַזוי צו זאָגן: [2]איך גיי אין דעם
וועג פון דער גאַנצער ערד, זאָלסטו זיך שטאַרקן און זיין אַ מאַן.
[3]און זאָלסט היטן די היטונג פון יהוה דיין גאָט, צו גיין אין זיינע
וועגן, צו היטן זיינע חוקים און זיינע געבאָט און זיינע געזעצן
און זיינע אָנזאָגן, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין תּוֹרת־משה,
כּדי זאָלסט באַגליקן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן, און אומעטום
וואָס דו וועסט אַהין זיך קערן; [4]כּדי גאָט זאָל מקיים זיין זיין
וואָרט וואָס ער האָט גערעדט וועגן מיר, אַזוי צו זאָגן: אויב

דיינע קינדער וועלן אָפּהיטן זייער וועג צו גיין פֿאַר מיר מיט
אמת, מיט זייער גאַנצן האַרצן און מיט זייער גאַנצער זעל־
אַזוי צו זאָגן: וועט דיר ניט פֿאַרשניטן ווערן אַ מאַן פֿון דעם טראָן
פֿון ישׂראל.
5 און אויך ווייסטו וואָס יואָב דער זון פֿון צרויָהן האָט מיר
געטאָן, וואָס ער האָט געטאָן צו די צוויי חיל־פֿירער פֿון ישׂראל,
צו אַבנֵר דעם זון פֿון נֵרן, און צו עֲמָשָׂא דעם זון פֿון יֶתֶרן, ווי
ער האָט זיי געהרגעט, און פֿאַרגאָסן בלוט פֿון מלחמה אין שָלום,
און אַרויפֿגעטאָן בלוט פֿון מלחמה אויף זײַן גאַרטל וואָס אויף
זײַנע לענדן, און אויף זײַנע שיך וואָס אויף זײַנע פֿיס. 6 דרום
זאָלסטו טאָן לויט דײַן חכמה, און זאָלסט ניט לאָזן זײַנע גראָע
האָר נידערן בשָלום אין קבר. 7 און מיט די קינדער פֿון בַּרזִלַי
דעם גִלעָדער זאָלסטו טאָן חסד, און זיי זאָלן זײַן פֿון די וואָס
עסן בײַ דײַן טיש, וואָרום זיי האָבן זיך אויך דערנענטערט צו
מיר, ווען איך בין אַנטלאָפֿן פֿון דײַן ברודער אַבשָלומען. 8 און
דאָ איז בײַ דיר שִמעִי דער זון פֿון גֵראָן, דער בנימינער פֿון
בַּחורים, וואָס האָט מיך געשאָלטן מיט טויטע קללות אין דעם
טאָג וואָס איך בין געגאַנגען קיין מַחנַיִם; און ער האָט אַראָפּ־
גענידערט מיר אַנטקעגן בײַם יַרדן, און איך האָב אים געשוואָרן
בײַ גאָט, אַזוי צו זאָגן: איך וועל דיך ניט טייטן מיטן שווערד.
9 און אַצונד, זאָלסט אים ניט שענקען, וואָרום אַ קלוגער מענטש
ביסטו, און וועסט וויסן וואָס דו זאָלסט טאָן מיט אים; און זאָלסט
מאַכן נידערן זײַנע גראָע האָר מיט בלוט אין קבר.
10 און דוד האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און ער איז
באַגראָבן געוואָרן אין דודס־שטאָט. 11 און די טעג וואָס דוד
האָט געקיניגט איבער ישׂראל זײַנען געווען פֿערציק יאָר: אין
חֶברון האָט ער געקיניגט זיבן יאָר, און אין ירושָלַיִם האָט ער
געקיניגט דרײַ און דרײַסיק יאָר.

12און שלמה איז געזעסן אויף דעם טראָן פֿון זײַן פֿאָטער
דודן, און זײַן מלוכה האָט זיך זײער באַפֿעסטיקט.

13און אַדוניָהו דער זון פֿון חגיתן איז געקומען צו בת־שבֿען,
שלמהס מוטער. האָט זי צו אים געזאָגט: איז דײַן קומען אין
פֿריד? האָט ער געזאָגט: אין פֿריד. 14און ער האָט געזאָגט:
איך האָב אַ וואָרט צו דיר. האָט זי געזאָגט: רעד. 15האָט ער
געזאָגט: דו ווייסט אַז די מלוכה האָט מיר געקומט, און אויף מיר
האָבן גאַנץ ישׂראל געקערט זײער פּנים, צו ווערן מלך. אָבער
די מלוכה האָט זיך אומגעדרייט און איז אָנגעקומען צו מײַן
ברודער, ווײַל זי איז אים באַשערט געווען פֿון גאָט. 16און אַצונד
בעט איך פֿון דיר אײן בקשה; זאָלסט נים אָפּשטויסן מײַן פּנים.
האָט זי צו אים געזאָגט: רעד. 17האָט ער געזאָגט: זאָג, איך
בעט דיך, דעם מלך שלמה—וואָרום ער וועט ניט אָפּשטויסן דײַן
פּנים—ער זאָל מיר געבן אַבֿישגן פֿון שונם פֿאַר אַ ווײַב. 18האָט
בת־שבֿע געזאָגט: גוט, איך וועל רעדן פֿון דײַנעטוועגן צום מלך.
19און בת־שבֿע איז געקומען צום מלך שלמה, צו רעדן צו
אים פֿון אַדוניָהוס וועגן, און דער מלך איז אויפֿגעשטאַנען איר
אַנטקעגן, און ער האָט זיך צו איר געבוקט, און האָט זיך געזעצט
אויף זײַן טראָן, און געשטעלט אַ טראָן פֿאַר דעם מלכס מוטער,
און זי האָט זיך געזעצט אויף זײַן רעכטער זײַט. 20און זי האָט
געזאָגט: אײן קלײנע בקשה בעט איך פֿון דיר; זאָלסט ניט אָפּ־
שטויסן מײַן פּנים. האָט דער מלך צו איר געזאָגט: בעט, מײַן
מוטער, וואָרום איך וועל ניט אָפּשטויסן דײַן פּנים. 21האָט זי
געזאָגט: זאָל אַבֿישג פֿון שונם געגעבן ווערן צו דײַן ברודער
אַדוניָהון פֿאַר אַ ווײַב. 22האָט געענטפֿערט דער מלך שלמה
און געזאָגט צו זײַן מוטער: און פֿאַרוואָס בעטסטו אַבֿישג פֿון
שונם פֿאַר אַדוניָהון? בעט פֿאַר אים אויך די מלוכה, ווײַל

ער איז מיין עלטערער ברודער—פאַר אים, פאַר אֶבְיָתָר דעם
כֹּהן, און פאַר יוֹאָב דעם זון פון צרוּיָהן.

[23]און דער מלך שלמה האָט געשוואָרן בײַ גאָט, אַזוי צו
זאָגן: זאָל מיר גאָט טאָן אַזוי און נאָך מער, אַז אום זיין לעבן
האָט אֲדוֹנִיָהו גערעדט דאָסדאָזיקע וואָרט! [24]און אַצונד, אַזוי
ווי עס לעבט גאָט, וואָס האָט מיך באַפעסטיקט, און האָט מיך
אַרויפגעזעצט אויף דעם טראָן פון מיין פאָטער דודן, און וואָס
האָט מיר געמאַכט אַ הויז אַזוי ווי ער האָט גערעדט, אַז היינט
מוז אֲדוֹנִיָהו געטייט ווערן!

[25]און דער מלך שלמה האָט געשיקט דורך דער האַנט פון
בְּנָיָהו דעם זון פון יְהוֹיָדָען; און ער איז צוגעפאַלן אויף אים,
און ער איז געשטאָרבן.

[26]און צו אֶבְיָתָר דעם כֹּהן האָט דער מלך געזאָגט: גיי קיין
עֲנָתוֹת צו דיינע פעלדער, וואָרום דעם טויט ביסטו ווערט,
אָבער היינטיקן טאָג וועל איך דיך ניט טייטן, ווייל דו האָסט
געטראָגן דעם אָרון פון גאָט דעם האַר פאַר מיין פאָטער דודן,
און ווייל דו האָסט זיך געפּלאָגט אין אַלץ וואָס מיין פאָטער
האָט זיך געפּלאָגט.

[27]און שלמה האָט פאַרטריבן אֶבְיָתָרן פון זיין אַ כֹּהן צו
גאָט; כּדי עס זאָל דערפילט ווערן דאָס וואָרט פון גאָט וואָס
ער האָט גערעדט אויף עֵלִיס הויז אין שִילוֹ[a].

[28]און ווי די הערונג איז אָנגעקומען צו יוֹאָבן—וואָרום יוֹאָב
האָט זיך גענייגט נאָך אֲדוֹנִיָהן, הגם נאָך אַבְשָלוֹמען האָט ער
זיך ניט גענייגט—איז יוֹאָב אַנטלאָפן צום געצעלט פון גאָט, און
האָט זיך אָנגענומען אָן די הערנער פון מזבח.

[29]איז אָנגעזאָגט געוואָרן דעם מלך שלמה, אַז יוֹאָב איז
אַנטלאָפן צו דעם געצעלט פון גאָט, און אָן איז ער ביים מזבח.

[a] זע שמואל א׳ ב, 30 און ווייטער.

און שלמה האָט געשיקט בְּנָיָהוּ דעם זון פון יהוֹיָדָען, אַזוי צו
זאָגן: גיי פאַל־צו אויף אים.

30 איז בְּנָיָהוּ געקומען צו דעם געצעלט פון גאָט, און ער
האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט דער מלך: גיי אַרויס.
האָט ער געזאָגט: ניין, נייערט דאָ וועל איך שטאַרבן.

האָט בְּנָיָהוּ געבראַכט דעם מלך אַ תשובה, אַזוי צו זאָגן:
אַזוי האָט גערעדט יוֹאָב, און אַזוי האָט ער מיר געענטפערט.
31 האָט דער מלך צו אים געזאָגט: טו אַזוי ווי ער האָט גערעדט,
און פאַל־צו אויף אים; און זאָלסט אים באַגראָבן, און אָפּטאָן
דאָס אומזיסט בלוט וואָס יוֹאָב האָט פאַרגאָסן, פון מיר און פון
מיין פאָטערס הויז. 32 און זאָל גאָט אומקערן זיין בלוט אויף
זיין קאָפּ, פאַרוואָס ער איז אָנגעפאַלן אויף צוויי מענטשן
גערעכטערע און בעסערע פון אים, און האָט זיי געהרגעט מיטן
שווערד, און מיין פאָטער דוד האָט ניט געוווּסט: אַבְנֵר דעם זון
פון נֵרן, דעם חיל־פירער פון ישׂראל, און עֲמָשָׂאָ דעם זון פון
יֶתֶרן, דעם חיל־פירער פון יהודה. 33 און זייער בלוט זאָל זיך
אומקערן אויפן קאָפּ פון יוֹאָבן, און אויפן קאָפּ פון זיין זאָמען
אויף אייביק; און צו דודן און צו זיין זאָמען, און צו זיין הויז און
צו זיין טראָן, זאָל זיין פריד אויף אייביק פון גאָט.

34 איז אַרויפגעגאַנגען בְּנָיָהוּ דער זון פון יהוֹיָדָען, און ער
איז צוגעפאַלן אויף אים, און האָט אים געטייט. און ער איז
באַגראָבן געוואָרן אין זיין היים אין מדבר.

35 און דער מלך האָט אויפגעזעצט בְּנָיָהוּ דעם זון פון יהוֹיָדָען
אויף זיין אָרט איבערן חיל; און צָדוֹק דעם כֹּהן האָט דער מלך
אויפגעזעצט אויף אֶבְיָתָרס אָרט.

36 און דער מלך האָט געשיקט און האָט גערופן שִׁמְעִין, און
האָט צו אים געזאָגט: בוי דיר אַ הויז אין ירושָׁלַיִם, און זאָלסט

דאָרטן זיצן, און זאָלסט פֿון דאָרטן ניט אַרויסגיין אין ערגעץ.
37 און עס וועט זײַן, אין דעם טאָג וואָס דו גייסט אַרויס, און וועסט
אַריבערגיין דעם טײַך קִדרון, וויסן זאָלסטו וויסן זײַן, אַז
שטאַרבן וועסטו שטאַרבן; דײַן בלוט וועט זײַן אויף דײַן קאָפּ.
38 האָט שִמעִי געזאָגט צום מלך: גוט איז דאָס וואָרט; אַזוי ווי מײַן
האַר דער מלך האָט גערעדט, אַזוי וועט דײַן קנעכט טאָן.
און שִמעִי איז געזעסן אין ירושָלַיִם פֿיל טעג. 39 אָבער עס
איז געווען צום סוף פֿון דרײַ יאָר, זײַנען צוויי קנעכט פֿון שִמעִין
אַנטלאָפֿן צו אָכיש דעם זון פֿון מַעֲכָהן, דעם מלך פֿון גַת, און
מע האָט אָנגעזאָגט שִמעִין, אַזוי צו זאָגן: זע, דײַנע קנעכט זײַנען
אין גַת. 40 איז אויפֿגעשטאַנען שִמעִי, און האָט אָנגעזאָטלט זײַן
אייזל, און איז אַוועק קיין גַת צו אָכישן זוכן זײַנע קנעכט. און
שִמעִי איז געגאַנגען און האָט געבראַכט זײַנע קנעכט פֿון גַת.
41 איז אָנגעזאָגט געוואָרן שלמהן, אַז שִמעִי איז געגאַנגען פֿון
ירושָלַיִם קיין גַת, און האָט זיך אומגעקערט. 42 און דער מלך
האָט געשיקט און האָט גערופֿן שִמעִין, און האָט צו אים געזאָגט:
האָב איך דיך ניט באַשוואָרן בײַ גאָט, און דיך געוואָרנט, אַזוי
צו זאָגן: אין דעם טאָג וואָס דו גייסט אַרויס, און וועסט גיין ערגעץ
ווו, וויסן זאָלסטו וויסן זײַן, אַז שטאַרבן וועסטו שטאַרבן? און
דו האָסט צו מיר געזאָגט: גוט איז דאָס וואָרט; איך האָב
געהערט. 43 הײַנט פֿאַרוואָס האָסטו ניט געהיט די שבועה פֿון
גאָט, און דעם באַפֿעל וואָס איך האָב דיר באַפֿוילן? 44 אויך
האָט דער מלך געזאָגט צו שִמעִין: דו ווייסט אַלדאָס בייז וואָס
דײַן האַרץ האָט געוווּסט אַז דו טוסט צו מײַן פֿאָטער דודן; דרום
זאָל גאָט אומקערן דײַן בייז אויף דײַן קאָפּ; 45 און דער מלך
שלמה זאָל זײַן געבענטשט, און דער טראָן פֿון דוד זאָל זײַן
פֿעסט פֿאַר גאָט אויף אייביק.
46 און דער מלך האָט באַפֿוילן בְנָיָהו דעם זון פֿון יהוֹיָדָען,

און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און איז צוגעפֿאַלן אויף אים, און ער
איז געשטאָרבן.
און די מלוכה איז געווען באַפֿעסטיקט אין דער האַנט פֿון
שלמהן.

ג 1און שלמה האָט זיך מתחתן געווען מיט פַּרעה דעם מלך
פֿון מִצרַיִם, און ער האָט גענומען פַּרעהס טאָכטער, און
האָט זי געבראַכט אין דודס־שטאָט, ביז ער האָט געענדיקט
בויען זיין הויז, און דאָס הויז פֿון גאָט, און די מויער פֿון ירושָלַיִם
רונד אַרום.
2אָבער דאָס פֿאָלק האָט געשלאַכט אויף די בָּמוֹת, וואָרום
אַ הויז צו דעם נאָמען פֿון גאָט איז ניט געבויט געווען ביז יענע
טעג. 3און שלמה האָט ליב געהאַט גאָט, צו גיין אין די געזעצן
פֿון זיין פֿאָטער דודן; נאָר ער האָט געשלאַכט און גערייכערט
אויף די בָּמוֹת.
4און דער מלך איז געגאַנגען קיין גִבעוֹן דאָרטן צו שלאַכטן,
וואָרום דאָרטן איז געווען די גרויסע בָּמָה. טויזנט בראַנד־
אָפּפֿער פֿלעגט שלמה אויפֿברענגען אויף יענעם מזבח.
5אין גִבעוֹן האָט זיך גאָט באַוויזן צו שלמהן אין אַ חלום פֿון
דער נאַכט, און גאָט האָט געזאָגט: בעט וואָס איך זאָל דיר געבן.
6האָט שלמה געזאָגט: דו האָסט געטאָן מיט דיין קנעכט, מיין
פֿאָטער דודן, גרויס חסד, אַזוי ווי ער איז געגאַנגען פֿאַר דיר
מיט אמת און מיט גערעכטיקייט און מיט רעכטפֿאַרטיקייט פֿון
האַרצן קעגן דיר; און האָסט אים געהיט דעמדאָזיקן גרויסן
חסד, און האָסט אים געגעבן אַ זון וואָס זיצט אויף זיין טראָן
אַזוי ווי היינטיקן טאָג. 7און אַצונד, יהוה מיין גאָט, דו האָסט
געמאַכט דיין קנעכט פֿאַר אַ מלך אויף דעם אָרט פֿון מיין
פֿאָטער דודן, און איך בין אַ קליין אינגל, איך ווייס ניט ווו אויס

און ווו אײַן. 8און דײַן קנעכט איז אין מיטן פון דײַן פאָלק וואָס
דו האָסט אויסדערוויילט, אַ גרויס פאָלק וואָס קען ניט געציילט
און ניט באַרעכנט ווערן פון פילקייט. 9דרום זאָלסטו געבן
דײַן קנעכט אַ פאַרשטאַנדיק האַרץ, צו משפטן דײַן פאָלק, צו
דערקענען צווישן גוטס און שלעכטס, וואָרום ווער קען משפטן
דאָסדאָזיקע גרויסע פאָלק דײַנס?
10און די זאַך איז ווױלגעפעלן אין די אויגן פון גאָט, וואָס
שלמה האָט געבעטן דידאָזיקע זאַך. 11און גאָט האָט צו אים
געזאָגט: ווײַל דו האָסט געבעטן דידאָזיקע זאַך, און ניט דו
האָסט דיר געבעטן פיל טעג, און ניט דו האָסט דיר געבעטן
עשירות, און ניט דו האָסט געבעטן דאָס לעבן פון דײַנע פײַנט,
נײַערט האָסט דיר געבעטן שכל צו פאַרשטיין אַ משפט, 12אָט
האָב איך געטאָן לויט דײַן וואָרט: זע, איך האָב דיר געגעבן אַ
קלוג און פאַרשטאַנדיק האַרץ, אַז אַזאַ ווי דו איז ניט געווען פאַר
דיר, און נאָך דיר וועט ניט אויפשטיין אַזאַ ווי דו. 13און אויך
וואָס דו האָסט ניט געבעטן האָב איך דיר געגעבן: אי עושר אי
כּבוד אַלע דײַנע טעג, אַז קיינער אַזאַ ווי דו איז ניט געווען צווישן
די מלכים. 14און אַז דו וועסט גיין אין מײַנע וועגן צו היטן מײַנע
געזעצן און מײַנע געבאָט, אַזוי ווי דײַן פאָטער דוד איז געגאַנגען,
וועל איך דערלענגערן דײַנע טעג.
15האָט זיך אויפגעכאַפּט שלמה, ערשט עס איז אַ חלום.
און ער איז געקומען קיין ירושָלַיִם, און האָט זיך געשטעלט פאַר
דעם אָרון פון גאָטס בונד, און ער האָט אויפגעבראַכט בראַנד־
אָפּפער, און געמאַכט פרידאָפּפער, און געמאַכט אַ מאָלצײַט
פאַר אַלע זײַנע קנעכט.

16דענסמאָל זײַנען געקומען צוויי פרויען זונות צו דעם מלך,
און זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אים. 17און איין פרוי האָט

געזאָגט: איך בעט דיך, מיין האַר, איך און דידאָזיקע פרוי
וווינען אין איין הויז, און איך האָב געבאָרן מיט איר אין הויז.
18און עס איז געווען אויפן דריטן טאָג נאָך מיין געבערן, האָט
אויך דידאָזיקע פרוי געבאָרן; און מיר זיינען געווען זאַלבענאַנד,
קיין פרעמדער איז מיט אונדז ניט געווען אין הויז; בלויז מיר
צוויי זיינען געווען אין הויז. 19איז געשטאָרבן דאָס קינד פון
דערדאָזיקער פרוי ביי נאַכט, ווייל זי איז געלעגן אויף אים.
20איז זי אויפגעשטאַנען אין מיטן נאַכט, און האָט אַוועקגענומען
מיין זון פון לעבן מיר, בעת דיין דינסט איז געשלאָפן, און זי
האָט אים געלייגט אין איר בוזעם, און איר טויטן זון האָט זי
געלייגט אין מיין בוזעם. 21און איך בין אויפגעשטאַנען אין
דער פרי אָנצוזייגן מיין זון, ערשט ער איז טויט; אָבער אַז איך
האָב אים באַטראַכט אין דער פרי, ערשט דאָס איז ניט געווען
מיין זון וואָס איך האָב געבאָרן.
22האָט די אַנדער פרוי געזאָגט: ניין, נייערט מיין זון איז
דער לעבעדיקער, און דיין זון דער טויטער. און די זאָגט: ניין,
נייערט דיין זון איז דער טויטער, און מיין זון דער לעבעדיקער.
און זיי האָבן געטענהט פאַרן מלך.
23האָט דער מלך געזאָגט: די זאָגט: דאָס איז מיין זון דער
לעבעדיקער, און דיין זון דער טויטער; און די זאָגט: ניין,
נייערט דיין זון איז דער טויטער, און מיין זון דער לעבעדיקער.
24און דער מלך האָט געזאָגט: ברענגט מיר אַ שווערד. האָט
מען געבראַכט אַ שווערד פאַרן מלך. 25האָט דער מלך
געזאָגט: צעשניידט דאָס לעבעדיקע קינד אין צווייען, און גיט
אַ העלפט צו איינער, און אַ העלפט צו דער אַנדערער.
26האָט גערעדט די פרוי וואָס איר זון איז געווען דער
לעבעדיקער, צום מלך—וואָרום דאָס האַרץ האָט איר
פאַרקלעמט אויף איר זון—און זי האָט געזאָגט: איך בעט דיך,

מיין האַר, גיט איר דאָס לעבעדיקע קינד, נאָר טייטן זאָלט איר
עס ניט טייטן. און יענע זאָגט: ניט מיר און ניט דיר זאָל עס
געהערן; שניידט!
27 האָט זיך אָפּגערופן דער מלך און געזאָגט: גיט איר דאָס
לעבעדיקע קינד, און טייטן זאָלט איר עס ניט טייטן; זי איז זיין
מוטער.
28 און גאַנץ ישׂראל האָבן געהערט דעם משפּט וואָס דער
מלך האָט געמשפּט, און זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן מלך,
וואָרום זיי האָבן געזען אַז גאָטס חכמה איז אין אים צו טאָן
גערעכטיקייט.
ד 1 און דער מלך שלמה איז געווען מלך איבער גאַנץ ישׂראל.
2 און דאָס זיינען די האַרן וואָס ער האָט געהאַט: עֲזַריָהו דער
זון פון צָדוקן, דער כֹּהן; 3 אֶליחוֹרֶף און אֲחִיָה, די זין פון שישאָן,
שרייבערס; יהוֹשָפָט דער זון פון אֲחילודן, דער דערמאָנער;
4 און בנָיָהו דער זון פון יהוֹיָדען, איבערן חיל; און צָדוק און
אֶביָתָר, כֹּהנים; 5 און עֲזַריָהו דער זון פון נָתָנען, איבער די
געשטעלטע*; און זָבוד דער זון פון נָתָנען, אַן אויבערמאַן, דעם
מלכס חבר; 6 און אֲחישר, איבערן פּאַלאַץ; און אֲדוֹנירָם דער
זון פון עַבדאָן, איבערן צינז.
7 און שלמה האָט געהאַט צוועלף געשטעלטע איבער גאַנץ
ישׂראל, און זיי פלעגן אויסהאַלטן דעם מלך און זיין הויז; אַ
חודש אין יאָר פלעגט איטלאַכער דאַרפן אויסהאַלטן. 8 און
דאָס זיינען זייערע נעמען: דער זון פון חורן, אין דעם געבערג
פון אפרים. 9 דער זון פון דֶקֶרן, אין מָקַץ, און אין שַעלבים,
און בֵּית־שֶמֶש, און אֵילוֹן־בֵּית־חָנָן. 10 דער זון פון חֶסֶדן, אין
אֲרובּוֹת; אונטער אים איז געווען שׂוֹכוֹ, און דאָס גאַנצע לאַנד
חֵפֶר. 11 דער זון פון אֲבינָדָבן, אין דער גאַנצער געגנט פון דוֹר;
ער האָט געהאַט טָפַת די טאָכטער פון שלמהן פאַר אַ ווייב.

* זע פסוק 7.

12 בַּעֲנָא דער זון פון אֲחִילוּדן, אין תַּעֲנָך, און מְגִדּוֹ, און גאַנץ בֵּית־
שְאָן וואָס לעבן צָרְתַן אונטער יִזְרְעֶאל, פון בֵּית־שְאָן ביז אָבֵל־
מְחוֹלָה, ביז פון יענער זײַט יָקְמְעָם. 13 דער זון פון גֶבֶרן, אין
רָמוֹת־גִלְעָד; אונטער אים זײַנען געווען די דערפער פון יָאִיר
דעם זון פון מְנַשֶהן, וואָס אין גִלְעָד; אונטער אים איז געווען די
געגנט פון אַרגוֹב וואָס אין בָּשָן, זעכציק גרויסע שטעט מיט
מויערן און קופּערנע ריגלען. 14 אֲחִינָדָב דער זון פון עִדוֹן, אין
מַחֲנַיִם. 15 אֲחִימַעַץ, אין נַפְתָּלִי; ער אויך האָט גענומען בָּשְמַת
די טאָכטער פון שלמהן פאַר אַ ווײַב. 16 בַּעֲנָא דער זון פון
חוּשַין, אין אָשֵר, און בְּעָלוֹת. 17 יְהוֹשָפָט דער זון פון פָּרוּחַן,
אין יִשָשכָר. 18 שִמְעִי דער זון פון אֵלָאָן אין בנימין. 19 גֶבֶר דער
זון פון אוּרִין, אין לאַנד גִלְעָד, דעם לאַנד פון סִיחוֹן דעם
מלך פון אֶמוֹרִי, און פון עוֹג דעם מלך פון בָּשָן. און איין
געשטעלטער וואָס איבערן [גאַנצן] לאַנד.
20 יהודה און ישׂראל זײַנען געווען אַזוי ווי דער זאַמד וואָס
בײַם יַם אין פילקײַט. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און
געווען פרײלאַך.

ה 1 און שלמה האָט געוועלטיקט איבער אַלע קיניגרײַכן, פון
דעם טײַך* ביז דעם לאַנד פון די פְּלִשְתִּים, און ביז דעם
געמאַרק פון מִצְרַיִם. זיי האָבן געבראַכט אָפּגאָב, און געדינט
דעם מלך שלמה אַלע טעג פון זײַן לעבן.
2 און די שפּײַזונג פון שלמהן פאַר איין טאָג איז געווען
דרײַסיק כּור זעמלמעל, און זעכציק כּור גראָבע מעל, 3 צען
פעטע רינדער, און צוואַנציק רינדער פון דער פּיטער, און
הונדערט שאָף, אַחוץ הינדן, און הירשן, און דאַמהירשן, און
געשטאָפּטע קאַפּהענער. 4 וואָרום ער האָט געוועלטיקט
איבער גאַנץ דער זײַט טײַך, פון תִּפְסַח און ביז עַזָה, איבער
אַלע מלכים פון דער זײַט טײַך; און ער האָט געהאַט שלום פון

* פּרת.

אַלע זיינע זייטן רונד אַרום. 5און יהודה און ישראל זיינען
געזעסן אין זיכערקייט, איטלאַכער אונטער זיין ווייַנשטאָק און
אונטער זיין פייגנבוים, פון דָן און ביז בְּאֵר־שֶׁבַע, אַלע טעג פון
שלמהן.
6און שלמה האָט געהאַט פערציק טויזנט שטאַלן פערד
פאַר זיינע רייטוועגן, און צוועלף טויזנט רייטער. 7און יענע
געשטעלטע פלעגן אויסהאַלטן דעם מלך שלמה, און איטלאַכן
וואָס גענענט צום טיש פון מלך שלמה, איטלאַכער אין זיין חודש;
זיי פלעגן ניט פאַרפעלן קיין זאַך. 8אויך גערשטן און שטרוי
פאַר די פערד און פאַר די יאָגפערד פלעגן זיי ברענגען אין
דעם אָרט וווהין עס האָט געהערט, איטלאַכער לויט ווי ער
האָט געדאַרפט.
9און גאָט האָט געגעבן שלמהן חכמה און פאַרשטאַנדיקייט
זייער פיל, און ברייטקייט פון גייסט אַזוי ווי דער זאַמד וואָס
אויפן ברעג פון יַם. 10און שלמהס חכמה איז געווען גרעסער
פון דער חכמה פון אַלע קינדער פון מזרח, און פון אַלדער
חכמה פון מִצרַיִם. 11און ער איז געווען קליגער פון אַלע
מענטשן, פון אֵיתָן דעם אֶזְרָחי, און הֵימָן, און כַּלְכּוֹל, און דַרְדַע,
די זין פון מָחוֹלן. און ער האָט געהאַט אַ שם צווישן אַלע
פעלקער רונד אַרום. 12און ער האָט געזאָגט דריי טויזנט
משלים, און זיינע לידער זיינען געווען טויזנט מיט פינף. 13און
ער האָט גערעדט איבער בוימער, פון דעם צעדער וואָס אין
לְבָנוֹן און ביז דעם אֵזוֹב וואָס וואַקסט אַרויס פון וואַנט. און
ער האָט גערעדט איבער בהמות, און איבער פויגלען, און איבער
שְׁרָצים, און איבער פישן. 14און פון אַלע אומות איז מען
געקומען הערן שלמהס חכמה—פון אַלע מלכים פון דער ערד
וואָס האָבן געהערט פון זיין חכמה.
15און חירָם דער מלך פון צור האָט געשיקט זיינע קנעכט

צו שלמהן, וואָרום ער האָט געהערט אַז מע האָט אים געזאַלבט
פאַר אַ מלך אויף זיין פאָטערס אָרט; ווייל אַ גוטער פריינט איז
חירָם געווען דודן אַלע טעג.
16 האָט שלמה געשיקט צו חירָמען, אַזוי צו זאָגן: 17 דו האָסט
געקענט מיין פאָטער דודן, אַז ער האָט ניט געקאָנט בויען אַ
הויז צו דעם נאָמען פון יהוה זיין גאָט פון וועגן די מלחמות וואָס
האָבן אים אַרומגערינגלט, ביז יהוה האָט זיי געגעבן אונטער
די טריט פון מיינע פיס. 18 און אַצונד האָט יהוה מיין גאָט מיך
באַרוט פון רונד אַרום; ניטאָ קיין שטער און קיין בייז באַגעגעניש.
19 און אָט טראַכט איך צו בויען אַ הויז צו דעם נאָמען פון יהוה
מיין גאָט, אַזוי ווי יהוה האָט גערעדט צו מיין פאָטער דודן, אַזוי
צו זאָגן: דיין זון וואָס איך וועל געבן אויף דיין טראָן אויף דיין
אָרט, ער וועט בויען דאָס הויז צו מיין נאָמען. 20 און אַצונד,
באַפעל מע זאָל אויסהאַקן פאַר מיר צעדערן פון לבָנון, און
מיינע קנעכט וועלן זיין מיט דיינע קנעכט; און דעם לוין פון
דיינע קנעכט וועל איך דיר געבן וויפיל דו וועסט זאָגן: וואָרום
דו ווייסט אַז צווישן אונדז איז ניטאָ קיינער וואָס פאַרשטייט צו
האַקן האָלצן אַזוי ווי די צידוֹנים.
21 און עס איז געווען, ווי חירָם האָט געהערט די ווערטער
פון שלמהן, אַזוי האָט ער זיך זייער דערפרייט, און ער האָט
געזאָגט: געלויבט איז יהוה היינט, וואָס ער האָט געגעבן דודן אַ
קלוגן זון איבער דעמדאָזיקן גרויסן פאָלק. 22 און חירָם האָט
געשיקט צו שלמהן, אַזוי צו זאָגן: איך האָב געהערט וואָס דו
האָסט געשיקט צו מיר; איך וועל טאָן אַל דיין פאַרלאַנג אין
צעדערהאָלץ און אין ציפּרעסנהאָלץ. 23 מיינע קנעכט וועלן
זיי אַראָפּנידערן פון לבָנון צום יַם, און איך וועל זיי מאַכן אין
פּליטן צו גיין מיטן יַם ביז דעם אָרט וואָס דו וועסט מיר
אָנווייזן, און דאָרטן וועל איך זיי פאַנאַנדעררייסן, און דו וועסט

זיי אַוועקנעמען. און דו וועסט טאָן מיין פֿאַרלאַנג צו געבן
ברויט פֿאַר מיין הויז.

24 און חירָם האָט געגעבן שלמהן צעדערהאָלץ און
ציפּרעסנהאָלץ לויט אַל זיין פֿאַרלאַנג. 25 און שלמה האָט
געגעבן חירָמען צוואַנציק טויזנט כּור ווייץ, שפּייז פֿאַר זיין הויז,
און צוואַנציק כּור געשלאָגענע אייל. אַזוי פֿלעגט שלמה געבן
חירָמען יאָר אין יאָר.

26 און גאָט האָט געגעבן שלמהן חכמה אַזוי ווי ער האָט אים
צוגעזאָגט. און עס איז געווען שלום צווישן חירָמען און צווישן
שלמהן; און זיי האָבן ביידע געשלאָסן אַ בונד.

27 און דער מלך שלמה האָט אויפֿגענומען אַ צינז פֿון גאַנץ
ישׂראל, און דער צינז איז געווען דרייסיק טויזנט מאַן. 28 און
ער האָט זיי געשיקט אויפֿן לְבָנון צו צען טויזנט מאַן אין אַ חודש,
געביטן: איין חודש פֿלעגן זיי זיין אויפֿן לְבָנון, צוויי חדשים אין
דער היים. און אַדוֹנִירָם איז געווען איבער דעם צינז.

29 און שלמה האָט געהאַט זיבעציק טויזנט לאַסטטרעגער,
און אַכציק טויזנט שטיינהעקער אין די בערג. 30 אַחוץ שלמהס
אויבערגעשטעלטע וואָס איבער דער אַרבעט, דריי טויזנט און
דריי הונדערט, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער דעם פֿאָלק
וואָס טוט די אַרבעט.

31 און דער מלך האָט באַפֿוילן, און מע האָט אויסגעבראָכן
גרויסע שטיינער, טייערע שטיינער, צו גרונטפֿעסטן דאָס הויז
מיט געהאַקטע שטיינער. 32 און די בוימייסטערס פֿון שלמהן
און די בוימייסטערס פֿון חירָמען און די גִבלער האָבן זיי אָרומ־
געהאַקט, און האָבן צוגעגרייט די האָלצן און די שטיינער אויף
צו בויען דאָס הויז.

ו [1]און עס איז געווען, אין פֿיר הונדערט און אַכציגסטן יאָר
נאָכדעם ווי די קינדער פֿון ישׂראל זײַנען אַרויסגעגאַנגען
פֿון לאַנד מִצרַיִם, אין פֿירטן יאָר פֿון שלמהס מלוכה איבער
ישׂראל, אין חודש זיו—דאָס איז דער צווייטער חודש—האָט ער
אָנגעהויבן בויען דאָס הויז צו גאָט.
[2]און דאָס הויז וואָס שלמה המלך האָט געבויט צו גאָט, איז
געווען זעכציק איילן זײַן לענג, און צוואַנציק איילן זײַן ברייט,
און דרײַסיק איילן זײַן הייך. [3]און דער פֿאָליש פֿאַר דעם הֵיכל
פֿון הויז איז געווען צוואַנציק איילן זײַן לענג, פֿאַר ברייט פֿון
דעם הויז, צען איילן זײַן ברייט פֿאַר [לענג פֿון] דעם הויז. [4]און
ער האָט געמאַכט אין הויז פֿענצטער אינעווייניק ברייט און
אויסנווייניק שמאָל. [5]און ער האָט געבויט אָן דער וואַנט פֿון
הויז אָן אָנבוי, רונד אַרום די ווענט פֿון הויז, רונד אַרום דעם
הֵיכל און דעם דביר[א]; און ער האָט געמאַכט זײַטקאַמערן רונד
אַרום. [6]דער אונטערשטער [שטאָק פֿון דעם] אָנבוי, איז פֿינף
איילן געווען זײַן ברייט, און דער מיטלסטער, זעקס איילן זײַן
ברייט, און דער דריטער, זיבן איילן זײַן ברייט, וואָרום פֿאַר־
מינערונגען האָט ער געמאַכט אין דעם הויז צו דערויסן צו רונד
אַרום, כּדי [די באַלקנס] זאָלן זיך ניט דאַרפֿן האַלטן אין די
ווענט פֿון הויז.—[7][ב]און דאָס הויז ווען עס איז געבויט געוואָרן,
איז געבויט געוואָרן פֿון שטיינער פֿאַרטיק געמאַכט בײַם אַרויס־
האַקן; און קיין האַמערס און קיין האַק, קיין שום אײַזנגעצײַג,
איז ניט געהערט געוואָרן אין דעם הויז, ווען עס איז געבויט
געוואָרן.—[8]דער אײַנגאַנג צו די אונטערשטע[ג] זײַטקאַמערן איז
געווען אויף דער רעכטער זײַט פֿון הויז, און אויף שווינדלטרעפּ
איז מען אַרויפֿגעגאַנגען צו די מיטלסטע, און פֿון די מיטלסטע
צו די דריטע.
[9]און ער האָט אויסגעבויט דאָס הויז, און האָט עס פֿאַר־

א דער הינטערשטער אָדער אינעווייניקסטער און הייליקסטער טייל, דער קָדשֵׁי־קדשים.
ב פֿאַרבינדט זיך מיט פּסוקים 31–32 פֿון פֿאַריקן קאַפּיטל.
ג אין טעקסט: הַתִּיכֹנָה.

ענדיקט; און ער האָט באַדעקט דאָס הויז מיט באַלקנס און
ברעטער פֿון צעדערן. 10און ער האָט געבויט דעם אָנבוי אָן
דעם גאַנצן הויז, פֿינף איילן די הייך [פֿון איטלאַכן שטאָק];
און עס האָט זיך געהאַלטן אָן הויז אויף צעדערהאָלץ.
11און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו שלמהן, אַזוי צו
זאָגן: 12דאָסדאָזיקע הויז וואָס דו בויסט—אויב דו וועסט גיין
אין מײַנע חוקים, און מײַנע געזעצן וועסטו טאָן, און וועסט היטן
אַלע מײַנע געבאָט צו גיין אין זיי, וועל איך מקיים זײַן אויף דיר
מײַן צוזאָג וואָס איך האָב צוגעזאָגט דײַן פֿאָטער דודן. 13און
איך וועל רוען צווישן די קינדער פֿון ישׂראל, און וועל ניט פֿאַר־
לאָזן מײַן פֿאָלק ישׂראל.
14אַזוי האָט שלמה אויפֿגעבויט דאָס הויז, און האָט עס
פֿאַרענדיקט. 15און ער האָט געבויט די ווענט פֿון דעם הויז
אינעווייניק מיט ברעטער פֿון צעדערן; פֿון באָדעם פֿון הויז ביז
די באַלקנס פֿון סופֿיט האָט ער באַדעקט מיט האָלץ פֿון
אינעווייניק; און ער האָט באַדעקט דעם באָדעם פֿון הויז מיט
ברעטער פֿון ציפּרעסן. 16און ער האָט געבויט צוואַנציק איילן
פֿון דעם הינטערשטן טייל פֿון הויז מיט ברעטער פֿון צעדערן,
פֿון באָדעם ביז די באַלקנס; און ער האָט עס זיך געבויט פֿון
אינעווייניק, פֿאַר אַ דביר, פֿאַר אַ קודש־קדשים. 17און פֿערציק
איילן [לאַנג] איז געווען דאָס הויז, דאָס איז דער היכל פֿון
פֿאָרנט. 18און דאָס צעדערהאָלץ אויפֿן הויז אינעווייניק איז
געווען אַ געשניץ פֿון קנעפּ און געעפֿנטע קווייטן. אַלץ איז
געווען צעדער, קיין שטיין האָט זיך ניט אַרויסגעזען. 19און
דעם דביר אינעווייניק אין הויז האָט ער צוגעגרייט אויף אַרײַנ־
שטעלן אַהין דעם אָרון פֿון גאָטס בונד. 20און אינעווייניק פֿון
דביר איז געווען צוואַנציק איילן די לענג, און צוואַנציק איילן
די ברייט, און צוואַנציק איילן איז געווען זײַן הייך; און ער האָט

אים איבערגעצויגן מיט עכטן גאָלד. און ער האָט באַדעקט
דעם מזבח מיט צעדערהאָלץ. 21 אַזוי האָט שלמה איבער־
געצויגן דאָס הויז* פון אינעווייניק מיט עכטן גאָלד; און ער
האָט פאַרצויגן גילדערנע קייטן פאַר דעם דביר; און ער האָט
עס איבערגעצויגן מיט גאָלד. 22 און דאָס גאַנצע הויז האָט ער
איבערגעצויגן מיט גאָלד, ביז דאָס גאַנצע הויז איז געווען
געענדיקט; אויך דעם גאַנצן מזבח וואָס ביים דביר האָט ער
איבערגעצויגן מיט גאָלד.
23 און ער האָט געמאַכט אין דביר צוויי כּרובים פון אייל־
בוימהאָלץ, צען איילן די הייך פון איטלאַכן. 24 און פינף איילן
איז געווען איין פליגל פון אַ כּרוב, און פינף איילן דער צווייטער
פליגל פון אַ כּרוב; צען איילן פון איין עק פון זיינע פליגלען
ביזן אַנדער עק פון זיינע פליגלען. 25 צען איילן איז אויך געווען
דער צווייטער כּרוב; איין מאָס און איין שניט ביי ביידע
כּרובים; 26 די הייך פון איין כּרוב צען איילן, און דעסגלייכן
פון צווייטן כּרוב. 27 און ער האָט אַריינגעשטעלט די כּרובים
אין דעם אינעווייניקסטן הויז. און מע האָט געמאַכט די פליגלען
פון די כּרובים אויסגעשפּרייט, און דער פליגל פון איינעם האָט
אָנגערירט איין וואַנט, און דער פליגל פון צווייטן כּרוב האָט
אָנגערירט די צווייטע וואַנט; און זייערע פליגלען האָבן זיך
אָנגערירט אין מיטן הויז אַ פליגל אָן אַ פליגל. 28 און ער האָט
איבערגעצויגן די כּרובים מיט גאָלד.
29 און אַלע ווענט פון דעם הויז רונד אַרום האָט ער אויס־
געשניצט מיט געשניצן פון כּרובים און טייטלבוימער און
געעפנטע קווייטן, פון אינעווייניק און אויסנווייניק. 30 און דעם
דיל פון הויז האָט ער איבערגעצויגן מיט גאָלד, אינעווייניק
און אויסנווייניק. 31 און פאַר דעם איינגאַנג פון דביר האָט ער
געמאַכט טירן פון איילבוימהאָלץ; דער טירגעשטעל מיט

* ד. ה. דעם קודש־קדשים.

די ביישטידלאַך איז אויסגעקומען פינפעקעכדיק. [32]און אויף
די צוויי טירן פון אײלבוימהאָלץ האָט ער אויסגעשניצט געשניצן
פון כרובים און טײטלבוימער און געעפנטע קווייטן, און איבער־
געצויגן מיט גאָלד; און ער האָט אויסגעקלאַפּט דאָס גאָלד אויף
די כרובים און אויף די טײטלבוימער. [33]און דעסגלײכן האָט
ער געמאַכט פאַר דעם אַײנגאַנג פון היכל, ביישטידלאַך פון
אײלבוימהאָלץ, פירעקעכדיק; [34]און צוויי טירן פון ציפּרעסנ־
האָלץ; די צוויי פליגלען פון איין טיר האָבן זיך צונויפגעלייגט,
און די צוויי פליגלען פון דער אַנדער טיר האָבן זיך צונויפ־
געלייגט. [35]און ער האָט אויסגעשניצט כרובים און טײטלבוימער
און געעפנטע קווייטן, און האָט איבערגעצויגן מיט גאָלד אַרויפ־
געפּאַסט אויפן אַײנגעשניצטן.
[36]און ער האָט געבויט דעם אינעווייניקסטן הויף פון דריי
ציילן געהאַקטע שטיינער, און אַ צייל צעדערבאַלקנס.
[37]אין פירטן יאָר איז געלייגט געוואָרן דער גרונטפעסט
פון גאָטס הויז, אין מאָנאַט זיו. [38]און אין עלפטן יאָר, אין
מאָנאַט בול–דאָס איז דער אַכטער חודש–איז געענדיקט
געוואָרן דאָס הויז אין אַלע זיינע טיילן, און לויט אַלץ ווי עס
האָט באַדאַרפט צו זיין. און ער האָט עס געבויט זיבן יאָר.

ז [1]און זיין אייגן הויז האָט שלמה געבויט דרייצן יאָר, ביז
ער האָט פאַרענדיקט זיין גאַנץ הויז.
[2]און ער האָט געבויט דאָס הויז פון לבנון־וואַלד, הונדערט
איילן זיין לענג, און פופציק איילן זיין ברייט, און דרייסיק איילן
זיין הייך, אויף פיר ציילן צעדערזיילן, מיט צעדערבאַלקנס אויף
די זיילן. [3]און עס איז געווען באַדעקט מיט צעדערהאָלץ פון
אויבן, איבער די זייטקאַמערן וואָס אויף די פינף און פערציק
זיילן, פופצן אין אַ צייל. [4]און באַלקנס זיינען געווען דריי ציילן;

און אַ דורכבליק קעגן אַ דורכבליק דריי מאָל. [5]און אַלע
טירן מיט די בײַשטידלאַך זײַנען געווען פירעקעכדיק אין
געשטעל; און אַ דורכבליק קעגן אַ דורכבליק דריי מאָל.
[6]און דאָס פֿאָדערהויז פֿון זײַלן האָט ער געמאַכט: פֿופֿציק
אײלן זײַן לענג, און דרײַסיק אײלן זײַן ברייט, מיט אַ פֿירהויז
פֿאַר זיי, מיט זײַלן און אַ באַלקנדעכל פֿאַר זיי.
[7]און ער האָט געמאַכט דאָס פֿאָדערהויז פֿון טראָן וואָס ער
זאָל דאָרטן משפּטן, דאָס פֿאָדערהויז פֿון משפּט; און עס איז
געווען באַדעקט מיט צעדערהאָלץ פֿון באָדעם ביז באָדעם.
[8]און זײַן הויז וואָס ער איז דאָרטן געזעסן, אין אַן אַנדער
הויף, אינעווייניק צו פֿון פֿאָדערהויז, איז געווען פֿון דער אײגענער
אַרבעט. ער האָט אויך געמאַכט אַ הויז פֿאַר פַּרעהס טאָכטער
וואָס שלמה האָט גענומען, אַזוי ווי דאָסדאָזיקע פֿאָדערהויז.
[9]דאָס אַלץ איז געווען פֿון טײַערע שטיינער, לויט די מאָסן
פֿון געהאַקטע שטיינער, אָרומגעזעגט מיט אַ זעג פֿון אינעווייניק
און פֿון אויסנווייניק; און פֿון גרונטפֿעסט ביזן געזימס, און דרויסן
ביזן גרויסן הויף. [10]און עס איז געווען געגרונטפֿעסט מיט
טײַערע שטיינער, גרויסע שטיינער, שטיינער פֿון צען אײלן,
און שטיינער פֿון אַכט אײלן. [11]און פֿון אויבן זײַנען געווען
טײַערע שטיינער, לויט די מאָסן פֿון געהאַקטע שטיינער, און
צעדערהאָלץ. [12]און דער גרויסער הויף רונד אַרום איז געווען
פֿון דריי צײַלן געהאַקטע שטיינער, און אַ צײַל צעדערבאַלקנס;
דעסגלײַכן פֿאַר דעם אינעווייניקסטן הויף פֿון גאָטס הויז, און
פֿאַר דעם פֿאָליש פֿון הויז.
[13]און דער מלך שלמה האָט געשיקט און האָט גענומען
חירָמען פֿון צור. [14]ער איז געווען דער זון פֿון אַ פֿרוי אַן
אַלמנה, פֿון שבט נַפֿתָּלי, און זײַן פֿאָטער איז געווען אַ מאַן פֿון
צור, אַ קופּערשמיד; און ער איז געווען פֿול מיט חכמה און

פֿאַרשטאַנדיקייט און קענשאַפֿט צו מאַכן אַלערליי אַרבעט אין
קופּער. און ער איז געקומען צום מלך שלמה, און האָט
געמאַכט זיין גאַנצע אַרבעט.
15 און ער האָט אויסגעפֿורעמט די צוויי זײַלן פֿון קופּער;
אַכצן איילן איז געווען די הייך פֿון איין זייל, און אַ פֿאָדים פֿון
צוועלף איילן האָט [אים] אַרומגערינגלט; [און אַזוי] דער
צווייטער זייל. 16 און צוויי קרוינען האָט ער געמאַכט אַרויפֿ־
צוטאָן אויף די קעפּ פֿון די זײַלן, אויסגעגאָסן פֿון קופּער; פֿינף
איילן די הייך פֿון איין קרוין, און פֿינף איילן די הייך פֿון דער
צווייטער קרוין; 17 מיט נעצן פֿון פֿלעכטאַרבעט, שנורן פֿון
געקייטלטער אַרבעט, פֿאַר די קרוינען וואָס אויף די קעפּ פֿון
די זײַלן; זיבן פֿאַר איין קרוין, און זיבן פֿאַר דער צווייטער
קרוין. 18 אַזוי האָט ער געמאַכט די זײַלן; און צוויי ציילן רונד
אַרום אויף איין נעץ צו באַדעקן די קרוינען וואָס אויבן איבער
די מילגרוימען; און אַזוי האָט ער געמאַכט פֿאַר דער צווייטער
קרוין. 19 און די קרוינען וואָס אויף די קעפּ פֿון די זײַלן אין
דעם פֿאָליש זיינען געווען פֿון ליליענאַרבעט, פֿיר איילן. 20 און
די קרוינען אויף די צוויי זײַלן זיינען אויך געווען פֿון אויבן אַקעגן
דעם בויך וואָס צו דער זייט פֿון דער נעץ. און די מילגרוימען
זיינען געווען צוויי הונדערט, אין ציילן רונד אַרום אויף דער
צווייטער קרוין. 21 און ער האָט אויפֿגעשטעלט די זײַלן בײַם
פֿאָליש פֿון היכל; און ער האָט אויפֿגעשטעלט דעם רעכטן זייל,
און גערופֿן זיין נאָמען יָכִין; און ער האָט אויפֿגעשטעלט דעם
לינקן זייל, און גערופֿן זיין נאָמען בּוֹעַז. 22 און אויף די קעפּ
פֿון די זײַלן איז געווען ליליענאַרבעט. אַזוי איז פֿאַרענדיקט
געוואָרן די אַרבעט פֿון די זײַלן.
23 און ער האָט געמאַכט דעם ים, אַ געגאָסענעם, צען איילן
פֿון ראַנד צו ראַנד, קײַלאַכדיק רונד אַרום, און פֿינף איילן זיין

הייך; און אַ שנור פֿון דרייסיק איילן האָט אים אַרומגערינגלט
רונד אַרום. 24 און אונטער זיין ראַנד רונד אַרום האָבן אים
אַרומגערינגלט קנעפּ צען איילן, אַרומצירקלענדיק דעם יַם
רונד אַרום; אין צוויי ציילן זיינען געווען די קנעפּ, אויסגעגאָסן
אין איין גוס מיט אים. 25 ער איז געשטאַנען אויף צוועלף
רינדער; דריי געקערט צו צפֿון, און דריי געקערט צו מערבֿ,
און דריי געקערט צו דָרום, און דריי געקערט צו מזרח. און
דער יַם איז געווען איבער זיי פֿון אויבן; און אַלע זייערע
הינטערלייבער זיינען געווען אינעווייניק־צו. 26 און זיין גרעבּ
איז געווען אַ האַנטברייט; און זיין ראַנד איז געווען אַזוי ווי די
אַרבעט פֿון דעם ראַנד פֿון אַ בעכער, ווי אַ ליליענבלום. צוויי
טויזנט בַּת האָט ער געהאַלטן.

27 און ער האָט געמאַכט די צען געשטעלן פֿון קופּער; פֿיר
איילן איז געווען די לענג פֿון איטלאַכן געשטעל, און פֿיר איילן
זיין ברייט, און דריי איילן זיין הייך. 28 און אַזוי איז געווען די
אַרבעט פֿון די געשטעלן: זיי האָבן געהאַט ראַמען, און די
ראַמען זיינען געווען צווישן לייסטן. 29 און אויף די ראַמען וואָס
צווישן די לייסטן זיינען געווען לייבן, רינדער, און כּרובֿים;
און אַזוי איז געווען אויף די לייסטן פֿון אויבן; און אונטער
די לייבן און די רינדער זיינען געווען קרענץ פֿון אַראָפּ־
געהאָנגענער אַרבעט. 30 און פֿיר קופּערנע רעדער זיינען געווען
צו איטלאַכן געשטעל, און קופּערנע אַקסן; און זיינע פֿיר
ווינקלען—צו זיי זיינען געווען אַקסלען; אונטער דעם האַנטפֿאַס
זיינען די אַקסלען געווען אויסגעגאָסן, מיט קרענץ בײַ דער
זייט פֿון איטלאַכן. 31 און זיין[א] עפֿענונג אינעווייניק אין דער קרוין
און איבער איר איז געווען אַן איל די הייך; און איר[ב] עפֿענונג
איז געווען קיילאַכדיק, ווי די אַרבעט פֿון אַ פֿוסגעשטעל, אַן
איל און אַ האַלב; און אויך אויף איר עפֿענונג זיינען געווען

[א] ד.ה. פֿון דעם האַנטפֿאַס. [ב] ד.ה. פֿון דער קרוין.

אויסקריצונגען; און זייערע ראַמען זײַנען געווען פירעקעכדיק,
ניט רונד. [32]און די פיר רעדער זײַנען געווען אונטער די ראַמען,
און די אַקסן פון די רעדער זײַנען געווען אין דעם געשטעל; און
די הייך פון אַ ראָד איז געווען אַן אייל און אַ האַלבע אייל.
[33]און די אַרבעט פון די רעדער איז געווען אַזוי ווי די אַרבעט
פון אַ ראָד פון אַ וואָגן; זייערע אַקסן, און זייערע רייפן, און
זייערע פלעקלאַך, און זייערע אַקסרעדלאַך, אַלץ איז געווען
געגאָסן. [34]און פיר אַקסלען זײַנען געווען צו די פיר ווינקלען
פון איטלאַכן געשטעל; פון געשטעל גופא זײַנען געווען זײַנע
אַקסלען. [35]און אויבן אין געשטעל איז געווען קײַלאַכדיק רונד
אַרום אַ האַלבע אייל די הייך. און אויבן אויפן געשטעל זײַנע
הענטלאַך און זײַנע ראַמען זײַנען געווען פון אים גופא. [36]און
ער האָט אויסגעקריצט אויף די פלעכן פון זײַנע הענטלאַך,
און אויף זײַנע לייסטן, כּרובים, לייבן, און טייטלבוימער, ווי
נאָך דעם בלייז פון איטלאַכן, און קרענץ רונד אַרום. [37]אַזוי
האָט ער געמאַכט די צען געשטעלן; איין גוס, איין מאָס, איין
שניט, פאַר זיי אַלעמען.

[38]און ער האָט געמאַכט צען האַנטפאַסן פון קופער;
פערציק בת האָט געהאַלטן איטלאַכער האַנטפאַס; פיר איילן
איטלאַכער האַנטפאַס; איין האַנטפאַס אויף איטלאַכן געשטעל
פון די צען געשטעלן. [39]און ער האָט אַוועקגעשטעלט די
געשטעלן, פינף אויף דער רעכטער זייט פון הויז, און פינף
אויף דער לינקער זייט פון הויז. און דעם ים האָט ער אַוועק
געשטעלט אויף דער רעכטער זייט פון הויז צו מזרח, אַקעגן
דרום.

[40]און חירם האָט געמאַכט די טעפּ און די שופלען און די
שפּרענגבעקנס.

און חירם האָט געענדיקט מאַכן די גאַנצע אַרבעט וואָס ער

האָט געטאָן פֿאַר דעם מלך שלמה אין גאָטס הויז: 41 די צוויי
זײַלן, און די צוויי בעקנס פֿון די קרוינען וואָס אויף די קעפּ פֿון
די זײַלן; און די צוויי נעצן צו באַדעקן די צוויי בעקנס פֿון די
קרוינען וואָס אויף די קעפּ פֿון די זײַלן; 42 און די פֿיר הונדערט
מילגרוימען פֿאַר די צוויי נעצן, צוויי צײַלן מילגרוימען פֿאַר
איטלאַכער נעץ, צו באַדעקן די צוויי קײַלאַכדיקע קרוינען
וואָס איבער די זײַלן; 43 און די צען געשטעלן, און די צען האַנט־
פֿאַסן אויף די געשטעלן; 44 און דעם איין ים, און די צוועלף
רינדער אונטער דעם ים; 45 און די טעפּ און די שופֿלען און די
שפּרענגבעקנס. און אַלע דידאָזיקע כּלים וואָס חירם האָט
געמאַכט פֿאַר דעם מלך שלמה אין גאָטס הויז, זײַנען געווען פֿון
בלאַנקן קופּער. 46 אין דער געגנט פֿון ירדן האָט זיי דער מלך
אויסגעגאָסן, אין געדיכטער ערד, צווישן סוכּות און צווישן
צרתן. 47 און שלמה האָט געלאָזט די אַלע כּלים [ניט געוויגן],
פֿון זייער גרויס פֿילקייט; ניט צו באַרעכענען איז געווען די
וואָג פֿון דעם קופּער.

48 און שלמה האָט געמאַכט אַלע כּלים וואָס אין גאָטס הויז:
דעם גילדערנעם מזבח, און דעם טיש וואָס אויף אים איז דאָס
ברויט פֿון אָנגעזיכט, פֿון גאָלד; 49 און די מנורות, פֿינף פֿון דער
רעכטער זײַט, און פֿינף פֿון דער לינקער זײַט, פֿאַר דעם דביר,
פֿון עכטן גאָלד; און די בלומען, און די רערלאַך, און די
צוועגלאַך, פֿון גאָלד; 50 און די בעקנס, און די שנײַצמעסערס,
און די שפּרענגבעקנס, און די שאָלן, און די פֿײַערפֿאַנען, פֿון
עכטן גאָלד; און די געלענקען פֿאַר די טירן פֿון דעם
אינעווייניקסטן הויז, פֿאַר דעם קדשי־קדשים, און פֿאַר די טירן
פֿון דעם הויז, פֿאַר דעם היכל, פֿון גאָלד.

51 און די גאַנצע אַרבעט וואָס דער מלך שלמה האָט
געמאַכט אין גאָטס הויז, איז געענדיקט געוואָרן. און שלמה

האָט געבראַכט די געהייליקטע זאַכן פון זיין פאָטער דודן,
דאָס זילבער, און דאָס גאָלד, און די כלים, און אַריינגעגעבן
אין די שאַצקאַמערן פון גאָטס הויז.

ח 1דענסמאָל האָט שלמה אײַנגעזאַמלט די עלטסטע פון
ישׂראל, און אַלע הויפּטלייט פון די שבטים, די פירשטן פון
די פאָטערהייזער פון די קינדער פון ישׂראל, צום מלך שלמה
קיין ירושָלַיִם, כּדי אַרויפצוברענגען דעם אָרון פון גאָטס בונד
פון דודס־שטאָט, דאָס איז ציון. 2און אַלע מענער פון ישׂראל
האָבן זיך אײַנגעזאַמלט צום מלך שלמה אויף יָום־טוב, אין
מאָנאַט אֵיתָנים, דאָס איז דער זיבעטער חודש. 3און אַלע
עלטסטע פון ישׂראל זיינען געקומען, און די כֹּהנים האָבן
געטראָגן דעם אָרון. 4און זיי האָבן אַרויפגעבראַכט דעם אָרון
פון גאָט, און דעם אוהל־מועד, און אַלע הייליקע כלים וואָס אין
געצעלט—די כֹּהנים און די לוִיִם האָבן זיי אַרויפגעבראַכט. 5און
דער מלך שלמה און מיט אים די גאַנצע עֵדָה פון ישׂראל וואָס
איז זיך צונויפגעקומען ביי אים, זיינען געווען פאַר דעם אָרון,
שלאַכטנדיק שאָף און רינדער, וואָס האָבן ניט געקענט
געציילט ווערן און ניט באַרעכנט ווערן פון פילקייט. 6און די
כֹּהנים האָבן אַריינגעבראַכט דעם אָרון פון גאָטס בונד אויף
זיין אָרט, אין דעם דביר פון הויז, אין קָדשֵי־קָדשים, אונטער
די פליגלען פון די כּרובים. 7וואָרום די כּרובים האָבן אויס־
געשפּרייט די פליגלען איבער דעם אָרט פון אָרון, און די
כּרובים האָבן געשירעמט איבער דעם אָרון און איבער זיינע
שטאַנגען פון אויבן. 8און די שטאַנגען זיינען געווען אַזוי לאַנג
אַז די שפּיצן פון די שטאַנגען זיינען געזען געוואָרן פון הייליקטום
פאַרן דביר, אָבער זיי זיינען ניט געזען געוואָרן ווייטער אַרויס.
און זיי זיינען דאָרטן געבליבן ביז אויף היינטיקן טאָג. 9גאָרנישט

איז אין אָרון געווען, נאָר די צוויי שטיינערנע לוחות וואָס משה
האָט אַהין אַריינגעלייגט אין חורֵב, בעת גאָט האָט געשלאָסן אַ
בונד מיט די קינדער פֿון ישראל, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען
פֿון לאַנד מִצרַיִם.
10און עס איז געווען, ווי די כֹּהנים זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון
הייליקטום, אַזוי האָט אַ וואָלקן אָנגעפֿילט דאָס הויז פֿון גאָט.
11און די כֹּהנים האָבן ניט געקענט זיך שטעלן טאָן דעם דינסט
פֿון וועגן דעם וואָלקן, וואָרום די פּראַכט פֿון גאָט האָט
אָנגעפֿילט דאָס הויז פֿון גאָט.

12דענסמאָל האָט שלמה געזאָגט:
גאָט האָט געזאָגט אין וואָלקן צו רוען*;
13האָב איך בויען געבויט דיר אַ הויז פֿאַר אַ וווינונג,
אַן אָרט דיר צום זיצן אויף אייביק.

14און דער מלך האָט אומגעדרייט זיין פּנים, און האָט
געבענטשט די גאַנצע איינזאַמלונג פֿון ישראל, און די גאַנצע
איינזאַמלונג פֿון ישראל איז געשטאַנען. 15און ער האָט געזאָגט:
געלויבט איז יהוה דער גאָט פֿון ישראל, וואָס האָט מיט זיין מויל
גערעדט צו מיין פֿאָטער דודן, און מיט זיין האַנט דערפֿילט,
אַזוי צו זאָגן: 16פֿון דעם טאָג וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן מיין
פֿאָלק, ישראל, פֿון מִצרַיִם, האָב איך ניט אויסדערוויילט קיין
שטאָט פֿון אַלע שבטים פֿון ישראל אויף צו בויען אַ הויז אַז מיין
נאָמען זאָל דאָרטן זיין, אָבער איך האָב אויסדערוויילט דודן
צו זיין איבער מיין פֿאָלק ישראל. 17און עס איז געווען אין
האַרצן פֿון מיין פֿאָטער דודן צו בויען אַ הויז צו דעם נאָמען
פֿון יהוה דעם גאָט פֿון ישראל. 18אָבער גאָט האָט געזאָגט צו
מיין פֿאָטער דודן: אַזוי ווי דו האָסט געהאַט אין האַרצן צו בויען
אַ הויז צו מיין נאָמען, האָסטו גוט געטאָן וואָס דו האָסט דאָס
געהאַט אין האַרצן. 19אָבער ניט דו וועסט בויען דאָס הויז,

* זע ויקרא טז, 2.

נייערט דיין זון װאָס גייט אַרויס פון דיינע לענדן, ער װעט בויען
דאָס הויז צו מיין נאָמען. 20און גאָט האָט מקיים געװען זיין
צוזאָג װאָס ער האָט צוגעזאָגט, און איך בין אויפגעשטאַנען אויף
מיין פאָטער דודס אָרט, און איך האָב זיך געזעצט אויף דעם
טראָן פון ישׂראל, אַזוי װי גאָט האָט צוגעזאָגט, און איך האָב
געבויט דאָס הויז צו דעם נאָמען פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל.
21און איך האָב דאָרטן געמאַכט אַן אָרט פאַר דעם אָרון, װאָס
דאָרטן איז דער בונד פון גאָט, װאָס ער האָט געשלאָסן מיט
אונדזערע עלטערן, װען ער האָט זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד
מִצרַיִם.
22און שלמה האָט זיך געשטעלט פאַר דעם מזבח פון גאָט,
אַקעגן דער גאַנצער אײַנזאַמלונג פון ישׂראל, און האָט אויס־
געשפּרייט זיינע הענט צום הימל. 23און ער האָט געזאָגט: יהוה
דו גאָט פון ישׂראל, ניטאָ אין הימל אויבן אָדער אויף דער ערד
אונטן אַ גאָט װי דו, װאָס היטסט דעם בונד און די גענאָד צו
דיינע קנעכט װאָס גייען פאַר דיר מיט זייער גאַנצן האַרצן;
24װאָס האָסט געהיט דיין קנעכט, מיין פאָטער דודן, דאָס
װאָס דו האָסט אים צוגעזאָגט; און מיט דיין מויל האָסטו
גערעדט, און מיט דיין האַנט דערפילט, אַזוי װי היינטיקן טאָג.
25און אַצונד, יהוה דו גאָט פון ישׂראל, האַלט דיין קנעכט, מיין
פאָטער דודן, דאָס װאָס דו האָסט צו אים גערעדט, אַזוי צו
זאָגן: עס װעט דיר ניט פאַרשניטן װערן פון פאַר מיר אַ מאַן צו
זיצן אויף דעם טראָן פון ישׂראל, אויב נאָר דיינע קינדער װעלן
היטן זייער װעג, צו גיין פאַר מיר אַזוי װי דו ביסט געגאַנגען פאַר
מיר. 26און אַצונד, גאָט פון ישׂראל, זאָל, איך בעט דיך,
באַװערט װערן דיין צוזאָג װאָס דו האָסט צוגעזאָגט דיין קנעכט,
מיין פאָטער דודן.
27װאָרום קען אין דער אמתן גאָט װוינען אויף דער ערד?

אַז די הימלען און די הימלען פון די הימלען קענען דיך ניט
אַריינעמען, היינט ווי שוין דאָסדאָזיקע הויז וואָס איך האָב
געבויט! 28 אָבער קער זיך צו דער תּפילה פון דיין קנעכט, און צו
זיין בקשה, יהוה מיין גאָט, צוצוהערן צו דעם געשריי און צו
דער תּפילה וואָס דיין קנעכט איז מתפּלל פאַר דיר היינט,
29 אַז דיינע אויגן זאָלן זיין אָפן אויף דעמדאָזיקן הויז נאַכט און
טאָג, אויף דעם אָרט, וואָס דו האָסט געזאָגט: מיין נאָמען זאָל
דאָרטן זיין; צוצוהערן צו דער תּפילה וואָס דיין קנעכט וועט
מתפּלל זיין אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט. 30 און זאָלסט צוהערן צו
דער בקשה פון דיין קנעכט, און פון דיין פאָלק ישׂראל, וואָס זיי
וועלן מתפּלל זיין אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט; און דו זאָלסט הערן
אין דעם אָרט פון דיין וווינונג, אין הימל, און אַז דו וועסט הערן,
זאָלסטו פאַרגעבן.

31 אַז אַ מאַן וועט זינדיקן קעגן זיין חבר, און מע וועט אַרויפֿ־
לייגן אויף אים אַ שבועה אים צו באַשווערן, און ער וועט קומען
און שווערן פאַר דיין מזבח אין דעמדאָזיקן הויז, 32 זאָלסט דו
צוהערן אין הימל, און טאָן, און משפּטן דיינע קנעכט, צו מאַכן
שולדיק דעם שולדיקן, צו געבן זיין וועג אויף זיין קאָפּ; און צו
מאַכן גערעכט דעם גערעכטן, אים צו געבן לויט זיין
גערעכטיקייט.

33 אַז דיין פאָלק ישׂראל וועט געשלאָגן ווערן פאַרן פיינט,
ווייל זיי האָבן געזינדיקט צו דיר, און זיי וועלן זיך אומקערן
צו דיר, און וועלן באַקענען דיין נאָמען, און וועלן מתפּלל זיין
און בעטן צו דיר אין דעמדאָזיקן הויז, 34 זאָלסט דו צוהערן
אין הימל, און פאַרגעבן די זינד פון דיין פאָלק ישׂראל, און
זאָלסט זיי אומקערן אויף דער ערד וואָס דו האָסט געגעבן
זייערע עלטערן.

35 אַז דער הימל וועט זיין פאַרשלאָסן, און עס וועט ניט

זיין קיין רעגן, ווייל זיי האָבן געזינדיקט צו דיר, און זיי וועלן
מתפּלל זיין אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט, און וועלן באַקענען דיין
נאָמען, און זיך אומקערן פון זייער זינד, ווען דו האָסט זיי
געפּייניקט, 36 זאָלסט דו צוהערן אין הימל, און פאַרגעבן די
זינד פון דיינע קנעכט און דיין פאָלק ישראל, ווען דו וועסט זיי
האָבן געוויזן דעם גוטן וועג וואָס זיי זאָלן אויף אים גיין; און
זאָלסט געבן רעגן אויף דיין לאַנד, וואָס דו האָסט געגעבן דיין
פאָלק פאַר אַ נחלה.
37 אַז עס וועט זיין אַ הונגער אין לאַנד, אַז עס וועט זיין אַ
מגפה, אַז עס וועט זיין אַ קאָרנבראַנד, אַ וועלקעניש, אַ
היישעריק, אַ גראָזפרעסער; אַז זיין פיינט וועט אים באַלעגערן
אין דעם לאַנד פון זיינע שטעט; וואָס נאָר פאַר אַ פּלאָג, וואָס
נאָר פאַר אַ קראַנקשאַפט; 38 וואָס נאָר פאַר אַ תּפילה, וואָס נאָר
פאַר אַ בקשה, עס וועט זיין ביי עמיצן איינעם פון דיין גאַנצן
פאָלק ישראל, ווען איטלאַכער פון זיי שפּירט די פּלאָגעניש פון
זיין האַרצן, און ער שפּרייט אויס זיינע הענט צו דעמדאָזיקן
הויז, 39 זאָלסט דו צוהערן אין הימל, דעם אָרט פון דיין וווינונג,
און זאָלסט פאַרגעבן, און זאָלסט טאָן, און געבן איטלאַכן לויט
אַלע זיינע וועגן, אַזוי ווי דו ווייסט זיין האַרץ—וואָרום דו אַליין
ווייסט דאָס האַרץ פון אַלע מענטשנקינדער— 40 כּדי זיי זאָלן
מורא האָבן פאַר דיר אַלע טעג וואָס זיי לעבן אויף דער ערד
וואָס דו האָסט געגעבן אונדזערע עלטערן.
41 און אויך צו דעם פרעמדן וואָס ער איז ניט פון דיין פאָלק
ישראל, אַז ער וועט קומען פון אַ וויטן לאַנד פון וועגן דיין
נאָמען— 42 וואָרום זיי וועלן הערן פון דיין גרויסן נאָמען, און פון
דיין שטאַרקער האַנט, און פון דיין אויסגעשטרעקטן אָרעם—
און ער וועט קומען און וועט מתפּלל זיין אַקעגן דעמדאָזיקן
הויז, 43 זאָלסט דו צוהערן אין הימל, דעם אָרט פון דיין וווינונג,

און זאָלסט טאָן אַלץ אום וואָס דער פרעמדער וועט רופן צו דיר; כּדי אַלע פעלקער פון דער ערד זאָלן דערקענען דיין נאָמען, מורא צו האָבן פאַר דיר, אַזוי ווי דיין פאָלק ישׂראל, און וויסן אַז דיין נאָמען ווערט גערופן אויף דעמדאָזיקן הויז וואָס איך האָב געבויט.

[44]אַז דיין פאָלק וועט אַרויסגיין אויף מלחמה אַקעגן זיין פיינט, אויף וואָסער וועג דו וועסט זיי שיקן, און זיי וועלן מתפּלל זיין צו גאָט אַקעגן דער שטאָט וואָס דו האָסט זי אויסדערוויילט, און דעם הויז וואָס איך האָב געבויט צו דיין נאָמען, [45]זאָלסטו צוהערן אין הימל זייער תּפילה און זייער בקשה, און טאָן זייער רעכט.

[46]אַז זיי וועלן זינדיקן צו דיר—וואָרום ניטאָ אַ מענטש וואָס זאָל ניט זינדיקן—און דו וועסט צערענען אויף זיי, און זיי איבער־געבן פאַרן פיינט, און זייערע פאַנגערס וועלן זיי נעמען געפאַנגען אין לאַנד פון דעם פיינט, ווייט אָדער נאָנט; [47]און זיי וועלן זיך נעמען צום האַרצן אין דעם לאַנד וואָס זיי זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען אַהין, און זיי וועלן תּשובה טאָן, און וועלן בעטן צו דיר אין לאַנד פון זייערע פאַנגערס, אַזוי צו זאָגן: מיר האָבן געזינדיקט און פאַרבראָכן, מיר האָבן שלעכטס געטאָן; [48]און זיי וועלן זיך אומקערן צו דיר מיט זייער גאַנצן האַרצן, און מיט זייער גאַנצער זעל, אין לאַנד פון זייערע פיינט וואָס האָבן זיי געפאַנגען, און זיי וועלן מתפּלל זיין צו דיר אַקעגן זייער לאַנד, וואָס דו האָסט געגעבן זייערע עלטערן, דער שטאָט וואָס דו האָסט אויסדערוויילט, און דעם הויז וואָס איך האָב געבויט צו דיין נאָמען, [49]זאָלסטו צוהערן אין הימל, דעם אָרט פון דיין וווינונג, זייער תּפילה און זייער בקשה, און טאָן זייער רעכט; [50]און זאָלסט פאַרגעבן דיין פאָלק וואָס זיי האָבן געזינדיקט צו דיר, און אַלע זייערע פאַרברעכן וואָס זיי האָבן

פֿאַרבראָכן קעגן דיר; און זאָלסט זיי געבן דערבאַרימונג ביי
זייערע פֿאַנגערס, אַז זיי זאָלן זיך דערבאַרימען אויף זיי;
51 וואָרום זיי זיינען דיין פֿאָלק און דיין אַרבֿ, וואָס דו האָסט
אַרויסגעצויגן פֿון מִצרַיִם, פֿון דעם אַייזנשמעלצאויוון. 52 דיינע
אויגן זאָלן זיין אָפֿן צו דעם געבעט פֿון דיין קנעכט, און צו דעם
געבעט פֿון דיין פֿאָלק ישׂראל, זיי צוצוהערן ווען נאָר זיי רופֿן
צו דיר. 53 וואָרום דו האָסט זיי אָפּגעשיידט דיר צום אַרבֿ פֿון
אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד, אַזוי ווי דו האָסט גערעדט דורך
דיין קנעכט משהן ווען דו האָסט אַרויסגעצויגן אונדזערע
עלטערן פֿון מִצרַיִם, גאָט דו האַר.

54 און עס איז געווען, ווי שלמה האָט געענדיקט מתפּלל זיין
צו גאָט דידאָזיקע גאַנצע תּפֿילה און בקשה, איז ער אויפֿ־
געשטאַנען פֿון פֿאַרן מזבח פֿון גאָט, פֿון קניען אויף זיינע קני,
מיט זיינע הענט אויסגעשפּרייט צום הימל, 55 און ער האָט זיך
געשטעלט, און האָט געבענטשט די גאַנצע אַיינזאַמלונג פֿון
ישׂראל אויף אַ הויכן קול, אַזוי צו זאָגן: 56 געלויבט איז גאָט וואָס
האָט געגעבן זיין פֿאָלק ישׂראל רו, אַזוי ווי אַלץ וואָס ער האָט
צוגעזאָגט. ניט אַן איינציק וואָרט איז אָפּגעפֿאַלן פֿון אַל זיין
גוטן צוזאָג וואָס ער האָט צוגעזאָגט דורך זיין קנעכט משהן.
57 זאָל גאָט אונדזער האַר זיין מיט אונדז, אַזוי ווי ער איז געווען
מיט אונדזערע עלטערן; ער זאָל אונדז ניט פֿאַרלאָזן און ניט
אַוועקוואַרפֿן; 58 כּדי צו נייגן אונדזער האַרץ צו אים, צו גיין אין
אַלע זיינע וועגן, און צו היטן זיינע געבאָט און זיינע חוקים און
זיינע געזעצן, וואָס ער האָט באַפֿוילן אונדזערע עלטערן. 59 און
זאָלן דידאָזיקע ווערטער מיינע וואָס איך האָב געבעטן פֿאַר
גאָט, זיין נאָענט צו יהוה אונדזער גאָט טאָג און נאַכט, צו טאָן דאָס
רעכט פֿון זיין קנעכט, און דאָס רעכט פֿון זיין פֿאָלק ישׂראל,
טאָג אין טאָג; 60 כּדי אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד זאָלן וויסן אַז

יהוה איז גאָט; מער איז ניטאָ. 61און זאָל אײַער האַרץ זײַן גאַנץ
מיט יהוה אונדזער גאָט, צו גײן אין זײַנע געזעצן און צו היטן
זײַנע געבאָט, אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג.
62און דער מלך און גאַנץ ישׂראל מיט אים האָבן געשלאַכט
שלאַכטאָפּפֿער פֿאַר גאָט. 63און שלמה האָט געשלאַכט פֿאַרן
פֿרידאָפּפֿער וואָס ער האָט געשלאַכט צו גאָט, צוויי און
צוואַנציק טויזנט רינדער, און הונדערט און צוואַנציק טויזנט
שאָף. און דער מלך און אַלע קינדער פֿון ישׂראל האָבן באַנײַט
דאָס הויז פֿון גאָט. 64אין יענעם טאָג האָט דער מלך געהײליקט
דעם מיטן פֿון דעם הויף וואָס פֿאַר גאָטס הויז; ווײַל ער האָט
דאָרטן געמאַכט די בראַנדאָפּפֿער און די שפּײַזאָפּפֿער, און
דאָס פֿעטס פֿון די פֿרידאָפּפֿער; וואָרום דער קופּערנער מזבח
וואָס פֿאַר גאָט איז געווען צו קלײן אַרויפֿצונעמען די בראַנד־
אָפּפֿער און די שפּײַזאָפּפֿער, און דאָס פֿעטס פֿון די פֿריד־
אָפּפֿער.
65און שלמה האָט געמאַכט דעם יום־טובֿ אין יענער צײַט,
און גאַנץ ישׂראל מיט אים—אַ גרויסע אײַנזאַמלונג, פֿון ווו מע
קומט קײן חֲמָת ביז דעם טײַך פֿון מִצרַיִם—פֿאַר יהוה אונדזער
גאָט, זיבן טעג און זיבן טעג, פֿערצן טעג. 66אויפֿן אַכטן טאָג
האָט ער אַוועקגעשיקט דאָס פֿאָלק, און זײ האָבן געבענטשט
דעם מלך, און זײַנען געגאַנגען צו זײערע געצעלטן פֿרײלאַכע
און מיט אַן אויפֿגעראַמטן האַרצן איבער אַלעם גוטן וואָס גאָט
האָט געטאָן צו זײַן קנעכט דודן, און צו זײַן פֿאָלק ישׂראל.

ט 1און עס איז געווען, אַז שלמה האָט געענדיקט בויען דאָס
הויז פֿון גאָט, און דאָס הויז פֿון מלך, און יעטוועדער
געלוסט פֿון שלמהן וואָס ער האָט געוואָלט מאַכן, 2האָט זיך
גאָט באַוויזן צו שלמהן אַ צווייט מאָל, אַזוי ווי ער האָט זיך
באַוויזן צו אים אין גִבעון. 3און גאָט האָט צו אים געזאָגט: איך

האָב צוגעהערט דיין תּפילה און דיין בקשה וואָס דו האָסט
געבעטן פֿאַר מיר: איך האָב געהייליקט דאָסדאָזיקע הויז וואָס
דו האָסט געבויט, צו טאָן מיין נאָמען דאָרטן אויף אייביק; און
מיינע אויגן און מיין האַרץ וועלן דאָרטן זיין אַלע טעג. [4]און דו,
אויב דו וועסט גיין פֿאַר מיר אַזוי ווי דיין פֿאָטער דוד איז
געגאַנגען, מיט גאַנצקייט פֿון האַרצן און מיט רעכטפֿאַרטיקייט,
צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס איך האָב דיר באַפֿוילן — אַז דו וועסט
היטן מיינע חוקים און מיינע געזעצן, [5]וועל איך אויפֿשטעלן
דעם טראָן פֿון דיין מלוכה איבער ישׂראל אויף אייביק; אַזוי ווי
איך האָב גערעדט צו דיין פֿאָטער דודן, אַזוי צו זאָגן: עס וועט
דיר ניט פֿאַרשניטן ווערן אַ מאַן פֿון דעם טראָן פֿון ישׂראל.
[6]אויב אָבער אָפּקערן וועט איר זיך אָפּקערן פֿון הינטער מיר,
איר און אײַערע קינדער, און וועט ניט היטן מיינע געבאָט, מיינע
געזעצן וואָס איך האָב געלייגט פֿאַר אײַך, און איר וועט גיין און
דינען פֿרעמדע געטער, און זיך בוקן צו זיי, [7]וועל איך פֿאַר־
שניידן ישׂראל פֿון דעם געזיכט פֿון דער ערד וואָס איך האָב זיי
געגעבן, און דאָס הויז וואָס איך האָב געהייליקט צו מיין נאָמען,
וועל איך אָפּשאָפֿן פֿון מיין פּנים, און ישׂראל וועט ווערן פֿאַר אַ
שפּריכוואָרט און פֿאַר אַ געשפּעט צווישן אַלע פֿעלקער. [8]און
דאָסדאָזיקע הויז וואָס האָט געזאָלט זיין דערהויבן, וועט
איטלעכער וואָס גייט אים פֿאַרביי זיך דערשרעקן, און וועט
שמוצערן; און אַז זיי וועלן זאָגן: פֿאַרוואָס האָט גאָט געטאָן אַזוי
צו דעםדאָזיקן לאַנד און צו דעםדאָזיקן הויז? [9]וועט מען זאָגן:
פֿאַרוואָס זיי האָבן פֿאַרלאָזן יהוה זייער גאָט, וואָס האָט אַרויס־
געצויגן זייערע עלטערן פֿון לאַנד מִצרַיִם, און זיי האָבן זיך
געהאַלטן אָן פֿרעמדע געטער, און זיך געבוקט צו זיי און זיי
געדינט; דרום האָט יהוה געבראַכט אויף זיי אַלדאָסדאָזיקע
בייז.

[10]און עס איז געווען צום סוף פון צוואַנציק יאָר וואָס שלמה
האָט געבויט די ביידע הייזער, דאָס הויז פון גאָט, און דאָס הויז
פון מלך—[11]חירָם דער מלך פון צור האָט באַזאָרגט שלמהן מיט
צעדערהאָלץ און מיט ציפּרעסנהאָלץ און מיט גאָלד לויט אַל
זיין פאַרלאַנג—האָט דענסמאָל דער מלך שלמה געגעבן חירָמען
צוואַנציק שטעט אין לאַנד גָליל. [12]און חירָם איז אַרויסגעקומען
פון צור אָנצוקוקן די שטעט וואָס שלמה האָט אים געגעבן, און
זיי זיינען ניט ווילגעפעלן אין זיינע אויגן. [13]און ער האָט געזאָגט
וואָס זיינען דאָס פאַר שטעט וואָס דו האָסט מיר געגעבן, מיין
ברודער? און מע רופט זיי לאַנד כָּבול ביז אויף היינטיקן טאָג.
[14]און חירָם האָט געשיקט דעם מלך הונדערט און צוואַנציק
צענטנער גאָלד.
[15]און דאָס איז די מעשׂה מיט דעם צינז וואָס דער מלך
שלמה האָט אויפגענומען, כּדי צו בויען דאָס הויז פון גאָט, און
זיין הויז, און דעם מִלוֹא, און די מויער פון ירושָלַיִם, און חָצוֹר,
און מגדו, און גֶזֶר: [16]פּרעה דער מלך פון מִצרַיִם איז אַרויפ־
געגאַנגען, און האָט באַצוווּנגען גֶזֶר, און האָט זי פאַרברענט אין
פייער, און דעם כּנַעֲני וואָס איז געזעסן אין דער שטאָט, האָט ער
אויסגעהרגעט, און ער האָט זי געגעבן אין נֶדן צו זיין טאָכטער,
שלמהס ווייב. [17]און שלמה האָט אָפּגעבויט גֶזֶר, און די
אונטערשטע בֵּית־חוֹרוֹן, [18]און בַּעֲלָת, און תַּדמוֹר אין מִדבָּר,
אין לאַנד, [19]און אַלע שפּייכלערשטעט וואָס שלמה האָט געהאַט,
און די שטעט פאַר רייטוועגן, און די שטעט פאַר רייטער, און
די געלוסטן וואָס שלמה האָט געגלוסט צו בויען אין ירושָלַיִם,
און אויפן לבָנוֹן, און אין גאַנצן לאַנד פון זיין ממשלה. [20]דאָס
גאַנצע פאָלק וואָס איז איבערגעבליבן פון דעם אֶמוֹרי, דעם
חִתּי, דעם פּרִזי, דעם חִוִי, און דעם יבוּסי, וואָס זיינען ניט געווען
פון די קינדער פון ישׂראל—[21]זייערע קינדער וואָס זיינען געבליבן

נאָך זיי אין לאַנד, וואָס די קינדער פון ישׂראל האָבן זיי ניט
געקענט פאַרטיליקן, זיי האָט שלמה גענומען פאַר צינזקנעכט
ביז אויף היינטיקן טאָג. [22]אָבער פון די קינדער פון ישׂראל
האָט שלמה ניט געמאַכט קיין קנעכט; נאָר זיי זיינען געווען די
מלחמה־לייט, און זיינע דינער, און זיינע האַרן, און זיינע הויפּט־
לייט, און די האַרן איבער זיינע רייטוועגן און זיינע רייטער.
[23]דאָס זיינען געווען די אויבערגעשטעלטע וואָס איבער
שלמהס אַרבעט: פינף הונדערט און פופציק וואָס האָבן
געוועלטיקט איבער דעם פאָלק וואָס טוט די אַרבעט.
[24]ווי נאָר פּרעהס טאָכטער איז אַרויף פון דודס־שטאָט
אין איר הויז וואָס ער האָט פאַר איר געבויט, האָט ער דענסמאָל
געבויט דעם מִלוֹא.
[25]און שלמה פלעגט אויפברענגען דריי מאָל אין יאָר
בראַנדאָפּפער און פרידאָפּפער אויף דעם מזבח וואָס ער האָט
געבויט צו גאָט, און רייכערן דערביי [אויף דעם מזבח] וואָס
פאַר גאָט.
אַזוי האָט ער פאַרענדיקט דאָס הויז.
[26]אויך שיפן האָט געמאַכט דער מלך שלמה אין עֶציוֹן־גֶבֶר
וואָס ביי אֵלוֹת אויפן ברעג פון ים־סוף, אין לאַנד אֶדוֹם. [27]און
חירָם האָט געשיקט מיט די שיפן זיינע קנעכט, שיפלייט וואָס
קענען דעם יַם, מיט שלמהס קנעכט. [28]און זיי זיינען געקומען
קיין אוֹפיר, און האָבן געקריגן פון דאָרטן גאָלד, פיר הונדערט
און צוואַנציק צענטנער, און געבראַכט צום מלך שלמה.

י [1]און די מלכּה פון שבֿא האָט געהערט די הערונג פון
שלמהן, פון וועגן דעם נאָמען פון גאָט, און זי איז געקומען
אים צו פּרוּוון מיט רעטענישן. [2]און זי איז געקומען קיין
ירושלַים מיט זייער אַ גרויסער מחנה, קעמלען אָנגעלאָדן מיט

בשׂמים און גאָלד זייער פיל, און טייער געשטיין. און זי איז
געקומען צו שלמהן, און האָט גערעדט צו אים וועגן אַלץ וואָס
איז געווען ביי איר אין האַרצן. 3און שלמה האָט איר געזאָגט
אַלע אירע זאַכן; ניט געווען אַ זאַך פֿאַרהוילן פֿון דעם מלך,
וואָס ער זאָל איר ניט זאָגן. 4און די מלכּה פֿון שבֿאָ האָט געזען
די גאַנצע חכמה פֿון שלמהן, און דאָס הויז וואָס ער האָט געבויט,
5און דאָס עסן פֿון זיין טיש, און דאָס זיצן פֿון זיינע הויפֿדינער,
און דאָס שטיין פֿון זיינע משרתים מיט זייערע מלבושים, און
זיינע טראַנקמייסטערס, און זיין בראַנדאָפּפֿער וואָס ער פֿלעגט
אויפֿבּרענגען אין גאָטס הויז, און אין איר איז מער אַן אָטעם ניט
געבליבן. 6און זי האָט געזאָגט צום מלך: אמת איז געווען דאָס
גערייד וואָס איך האָב געהערט אין מיין לאַנד וועגן דיינע
פֿירונגען און וועגן דיין חכמה. 7און איך האָב ניט געגלויבט די
ווערטער ביז וואַנען איך בין געקומען, און מיינע אויגן האָבן
געזען; ערשט מיר איז אַ העלפֿט ניט דערציילט געוואָרן.
שטייגסט אַריבער אין חכמה און גוטס די הערונג וואָס איך האָב
געהערט. 8ווויל צו דיינע לייט, וויל צו די דאָזיקע קנעכט
דיינע וואָס שטייען פֿאַר דיר תּמיד, וואָס הערן דיין חכמה.
9געלויבט זאָל זיין יהוה דיין גאָט וואָס האָט דיך באַגערט דיך
אַרויפֿצוזעצן אויף דעם טראָן פֿון ישׂראל. ווייל יהוה האָט
אייביק ליב ישׂראל, דרום האָט ער דיך געמאַכט פֿאַר אַ מלך,
צו טאָן רעכט און גערעכטיקייט.
10און זי האָט געגעבן דעם מלך הונדערט און צוואַנציק
צענטנער גאָלד, און בשׂמים זייער פֿיל, און טייער געשטיין.
קיינמאָל ווידער איז ניט אַריינגעקומען אַזוי פֿיל ווי יענע בשׂמים
וואָס די מלכּה פֿון שבֿאָ האָט געגעבן צו שלמה המלך.
11און אויך די שיפֿן פֿון חירמען וואָס האָבן געפֿירט גאָלד
פֿון אופֿיר, האָבן געבראַכט פֿון אופֿיר סאַנדאַלהאָלץ זייער

פיל, און טייער געשטיין. [12]און דער מלך האָט געמאַכט פון
דעם סאַנדאַלהאָלץ געלענדערס פאַר דעם הויז פון גאָט און
פאַר דעם הויז פון מלך, און האַרפן און גיטאַרן פאַר די זינגערס.
אַזעלכע סאַנדאַלהאָלץ איז ניט אַריינגעקומען און ניט געזען
געוואָרן ביז אויף היינטיקן טאָג.
[13]און שלמה המלך האָט געגעבן דער מלכה פון שבֿא אַל
איר באַגער וואָס זי האָט פאַרלאַנגט, אַחוץ וואָס ער האָט איר
געגעבן לויט דער ברייטער האַנט פון שלמה המלך. און זי
האָט זיך אומגעקערט, און איז אַוועקגעגאַנגען צו איר לאַנד, זי
און אירע קנעכט.

[14]און די וואָג פון דעם גאָלד וואָס איז אַריינגעקומען ביי
שלמהן אין איין יאָר, איז געווען זעקס הונדערט און זעקס און
זעכציק צענטנער גאָלד; [15]אַחוץ פון די לייט די אַרומפאָרער,
און פון דעם מסחר פון די האַנדלסלייט, און פון אַלע מלכים
פון די געמישטע פעלקער, און פון די לאַנדפירשטן.
[16]און שלמה המלך האָט געמאַכט צוויי הונדערט פאַנצערס
פון געשלאָגענעם גאָלד; זעקס הונדערט גאָלדשטיק איז אַוועק
אויף איין פאַנצער. [17]און דריי הונדערט שילדן פון געשלאָגענעם
גאָלד; דריי מָנה גאָלד איז אַוועק אויף איין שילד. און דער
מלך האָט זיי אַריינגעשטעלט אין דעם הויז פון לבֿנון־וואַלד.
[18]און דער מלך האָט געמאַכט אַ גרויסן טראָן פון עלפנביין,
און האָט אים איבערגעצויגן מיט גינגאָלד. [19]זעקס טרעפּ זיינען
געווען צום טראָן, און אַ קיילאַכדיקער קאָפּ איז געווען איבער
דעם טראָן פון הינטן; און הענטלאַך זיינען געווען אויף ביידע
זייטן פון דעם אָרט צום זיצן, און צוויי לייבן זיינען געשטאַנען
ביי די הענטלאַך. [20]און צוועלף לייבן זיינען דאָרטן געשטאַנען
אויף די זעקס טרעפּ, פון דער זייט און פון דער אַנדער זייט.
אַזוי־וואָס איז ניט געמאַכט געוואָרן אין קיין קיניגרייך.

[21]און אַלע טרינקכּלים פֿון שלמה המלך זיינען געווען פֿון
גאָלד, און אַלע כּלים פֿון דעם הויז פֿון לבֿנוןוואַלד זיינען
געווען פֿון עכטן גאָלד; קיין זילבער; דאָס האָט אין די טעג פֿון
שלמהן זיך גערעכנט פֿאַר גאָרנישט. [22]וואָרום דער מלך האָט
געהאַט תּרשיש־שיפֿן אויפֿן ים, מיט די שיפֿן פֿון חירמען. איין
מאָל אין דריי יאָר פֿלעגן די תּרשיש־שיפֿן קומען אָנגעלאָדן
מיט גאָלד און זילבער, עלפֿנביין, און מאַלפּעס, און פּאַוועס.

[23]און שלמה המלך איז געווען גרעסער פֿון אַלע מלכים פֿון
דער ערד אין עושר און אין חכמה. [24]און די גאַנצע וועלט האָט
געזוכט שלמהס פּנים, כּדי צו הערן זיין חכמה וואָס גאָט האָט
אַריינגעגעבן אין זיין האַרצן. [25]און זיי האָבן געבראַכט
איטלאַכער זיין מתּנה, זילבערנע כּלים, און גילדערנע כּלים,
און קליידער, און וואָפֿן, און בשׂמים, פֿערד, און מויל־אייזלען,
יאָר אין יאָר.

[26]און שלמה האָט אָנגעזאַמלט רייטוועגן און רייטער; און
ער האָט געהאַט טויזנט און פֿיר הונדערט רייטוועגן, און צוועלף
טויזנט רייטער. און ער האָט זיי אַהינגעטאָן אין די שטעט פֿאַר
רייטוועגן, און ביים מלך אין ירושלים.

[27]און דער מלך האָט געמאַכט זילבער אין ירושלים אַזוי ווי
שטיינער, און צעדערן האָט ער געמאַכט אַזוי ווי די ווילדע
פֿייגנבוימער וואָס אין דער נידערונג, אין פֿילקייט.

[28]און דער אַרויסקום פֿון די פֿערד וואָס שלמה האָט
געהאַט, איז געווען פֿון מִצרַיִם, און פֿון קוֵה; די סוחרים פֿון מלך
פֿלעגן זיי קריגן פֿון קוֵה פֿאַר געצאָלט. [29]און אַ רייטוואָגן איז
אַרויפֿגעקומען און אַרויסגעגאַנגען פֿון מִצרַיִם פֿאַר זעקס
הונדערט זילבערשטיק, און אַ פֿערד פֿאַר הונדערט און
פֿופֿציק; און דעסגלייכן פֿאַר אַלע מלכים פֿון די חִתּים, און

פאַר די מלכים פון אַרָם, פלעגט מען אַרויסברענגען דורך
זייער האַנט.

יא 1און שלמה המלך האָט ליב געהאַט פיל פרעמדגעבאָרענע
ווייבער, אַחוץ פַּרעהס טאָכטער: מואָבישע, עַמונישע,
אֶדומישע, צידונישע, חִתּישע; 2פון די פעלקער וואָס גאָט האָט
אָנגעזאָגט די קינדער פון ישׂראל: איר זאָלט ניט קומען צווישן
זיי, און זיי זאָלן ניט קומען צווישן אײַך; זיי וועלן זיכער אָפּנייגן
אײַער האַרץ נאָך זייערע געטער. אָן זיי האָט שלמה זיך
באַהעפט אין ליבשאַפט. 3און ער האָט געהאַט זיבן הונדערט
ווייבער האַרנטעס, און דרײַ הונדערט קעפּסווייבער, און זײַנע
ווייבער האָבן אָפּגענייגט זײַן האַרץ. 4און עס איז געווען צו
דער צײַט פון שלמהס עלטער, האָבן זײַנע ווייבער אָפּגענייגט
זײַן האַרץ נאָך פרעמדע געטער, און זײַן האַרץ איז ניט געווען
גאַנץ מיט יהוה זײַן גאָט, אַזוי ווי דאָס האַרץ פון זײַן פאָטער
דודן. 5און שלמה איז געגאַנגען נאָך עַשתּוֹרֶת דער געטין פון
די צידונים, און נאָך מִלכּוֹם, דער אומווערדיקייט פון די עַמונים.
6און שלמה האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
און ער איז ניט געגאַנגען אין גאַנצן נאָך גאָט, אַזוי ווי זײַן פאָטער
דוד. 7דענסמאָל האָט שלמה געבויט אַ בָּמָה צו כּמוֹש, דער
אומווערדיקייט פון מואָב, אויף דעם באַרג וואָס פאַר ירושָלַיִם,
און צו מוֹלֶך, דער אומווערדיקייט פון די קינדער פון עַמון.
8און אַזוי האָט ער געטאָן מיט אַלע זײַנע פרעמדע ווייבער,
וואָס האָבן גערייכערט און געשלאַכט צו זייערע געטער.
9האָט גאָט געצערנט אויף שלמהן, ווײַל זײַן האַרץ האָט
זיך אָפּגענייגט פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, וואָס האָט זיך
באַוויזן צו אים צוויי מאָל, 10און האָט אים באַפוילן וועגן דער-
דאָזיקער זאַך, ניט צו גיין נאָך פרעמדע געטער; און ער האָט

ניט געהיט וואָס גאָט האָט באַפוילן. 11און גאָט האָט געזאָגט
צו שלמהן: ווייל דאָס איז געווען אין דיר, און דו האָסט ניט
געהיט מיין בונד, און מיינע געזעצן וואָס איך האָב דיר באַפוילן,
וועל איך אַוועקרייסן די מלוכה פון דיר, און וועל זי אַוועקגעבן
צו דיינעם אַ קנעכט. 12אָבער אין דיינע טעג וועל איך דאָס
ניט טאָן, פון דיין פאָטער דודס וועגן; פון דיין זונס האַנט וועל
איך זי אַוועקרייסן. 13נאָר די גאַנצע מלוכה וועל איך ניט
אַוועקרייסן; איין שבט וועל איך געבן צו דיין זון, פון וועגן
מיין קנעכט דודן, און פון וועגן ירושלים וואָס איך האָב אויס־
דערוויילט.

14און גאָט האָט אויפגעשטעלט אַ שׂטן אויף שלמהן, הֲדַד
דעם אֲדומי. ער איז געווען פון קיניגלאַכן אָפּשטאַם אין אֱדום;
15און עס איז געווען, ווען דוד איז געווען אין אֱדום, בעת יואָב
דער חיל־פירער איז אַרויפגעגאַנגען באַגראָבן די געטייטע, און
האָט געשלאָגן יעטוועדער מאַנספּאַרשוין אין אֱדום—16וואָרום
זעקס חדשים איז דאָרטן געבליבן יואָב און גאַנץ ישראל, ביז
ער האָט פאַרשניטן יעטוועדער מאַנספּאַרשוין אין אֱדום—17איז
הֲדַד אַנטלאָפן, ער און עטלאַכע אֲדומים פון זיין פאָטערס
קנעכט מיט אים, כּדי צו גיין קיין מִצרַיִם; און הֲדַד איז געווען
אַ קליין אינגל. 18און זיי זיינען אויפגעשטאַנען פון מִדיָן, און זיי
זיינען געקומען קיין פּאָרָן, און זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך
מענטשן פון פּאָרָן, און זיינען געקומען קיין מִצרַיִם צו פּרעה
דעם מלך פון מִצרַיִם. און ער האָט אים געגעבן אַ הויז, און
האָט אָנגעזאָגט פּאַר אים שפּייז, און אים געגעבן לאַנד. 19און
הֲדַד האָט געפונען גרויס חן אין די אויגן פון פּרעהן, און ער
האָט אים געגעבן פּאַר אַ ווייב די שוועסטער פון זיין ווייב, די
שוועסטער פון דער מלכה תּחפּנֵיס. 20און די שוועסטער פון
תּחפּנֵיסן האָט אים געבאָרן זיין זון גנובתן, און תּחפּנֵיס האָט

אים אַנטוווינט אין פּרעהס הויז. און גנובת איז געווען אין
פּרעהס הויז צווישן די קינדער פון פּרעהן. 21און ווי הֲדַד האָט
געהערט אין מִצרַיִם אַז דוד האָט זיך געלייגט מיט זיינע
עלטערן, און אַז יוֹאָב דער חיל־פירער איז טויט, אַזוי האָט הֲדַד
געזאָגט צו פּרעהן: לאָז מיך אַוועק, און איך וועל גיין אין מיין
לאַנד. 22האָט פּרעה צו אים געזאָגט: אָבער וואָס פעלט דיר
ביי מיר, אַז אָט ווילסטו גיין אין דיין לאַנד? האָט ער געזאָגט:
גאָרנישט; אָבער אַוועקלאָזן מוזסטו מיך אַוועקלאָזן.
23אויך האָט גאָט אויפגעשטעלט אויף אים אַ שָׂטן, רְזוֹן דעם
זון פון אֶלְיָדָען, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין האַר, הֲדַדְעֶזֶר דעם
מלך פון צוֹבָה. 24און ער האָט אויפגעקליבן אַרום זיך מענטשן,
און ער איז געוואָרן דער הויפּטמאַן פון אַ באַנדע, בעת דוד
האָט געהרגעט די [מענטשן פון צוֹבָה]. און זיי זיינען אַוועק־
געגאַנגען קיין דַמֶשֶׂק, און האָבן זיך אין איר באַזעצט, און האָבן
געקיניגט אין דַמֶשֶׂק. 25און ער איז געווען אַ שָׂטן צו ישׂראל אַלע
טעג פון שלמהן, אַחוץ דאָס בייז וואָס הֲדַד [האָט אָנגעטאָן].
און ער האָט פיינט געהאַט ישׂראל. און ער האָט געקיניגט
איבער אֲרָם.

26און יָרָבְעָם דער זון פון נְבָטן, אַן אֶפרַיִמער פון צְרֵדָה,
שלמהס אַ קנעכט, וואָס דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען
צרוּעָה, אַ פרוי אַן אַלמנה, האָט אויך אויפגעהויבן זיין האַנט
אַקעגן דעם מלך. 27און דאָס איז די מעשׂה ווי אַזוי ער האָט
אויפגעהויבן זיין האַנט אַקעגן דעם מלך: שלמה האָט געבויט
דעם מִלוֹא; ער האָט פאַרמויערט דעם בראָך פון זיין פאָטער
דודס שטאָט. 28און דער מאַן יָרָבְעָם איז געווען אַ העלדישער
גיבור, און שלמה האָט געזען דעם יונג אַז ער איז אַן אַרבעט־
טוער, און ער האָט אים אויפגעזעצט איבער דער גאַנצער
לאַסטאַרבעט פון דעם הויז פון יוסף.

29 און עס איז געווען אין יענער צייט, ווען יָרָבעָם איז אַרויס־
געגאַנגען פון ירושָלַיִם, האָט אים אָנגעטראָפן אויפן וועג דער
נביא אַחִיָה פון שילו; און ער איז געווען איינגעדעקט אין אַ נייעם
מאַנטל, און בלויז זיי ביידע זיינען געווען אין פעלד. 30 האָט
אַחִיָה אָנגענומען דעם נייעם מאַנטל וואָס אויף אים, און האָט
אים צעריסן אויף צוועלף שטיקער. 31 און ער האָט געזאָגט צו
יָרָבעָמען: נעם דיר צען שטיקער, וואָרום אַזוי האָט געזאָגט
יהוה דער גאָט פון ישׂראל: זע, איך רייס אַוועק די מלוכה פון
שלמהס האַנט, און וועל דיר געבן צען שבטים— 32 און איין שבט
זאָל אים בלייבן, פון וועגן מיין קנעכט דודן, און פון וועגן
ירושָלַיִם, דער שטאָט וואָס איך האָב זי אויסדערוויילט פון
אַלע שבטים פון ישׂראל— 33 דערפאַר וואָס זיי האָבן מיך פאַר־
לאָזן, און האָבן זיך געבוקט צו עַשתּוֹרֶת דער געטין פון [די
צידוֹנים, צו כּמוֹש דעם גאָט פון מוֹאָב, און צו מִלכּוֹם דעם גאָט
פון די קינדער פון עַמוֹן, און זיי זיינען ניט געגאַנגען אין מיינע
וועגן, צו טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין מיינע אויגן, און מיינע
חוקים און מיינע געזעצן, אַזוי ווי זיין פאָטער דוד. 34 אָבער
איך וועל ניט אַוועקנעמען די גאַנצע מלוכה פון זיין האַנט,
נייערט איך וועל אים לאָזן זיין אַ פירשט אַלע טעג פון זיין לעבן,
פון וועגן מיין קנעכט דודן, וואָס איך האָב אים אויסדערוויילט,
וויל ער האָט געהיט מיינע געבאָט און מיינע געזעצן. 35 אָבער
איך וועל אַוועקנעמען די מלוכה פון דער האַנט פון זיין זון,
און וועל זי אָפּגעבן צו דיר—די צען שבטים. 36 און זיין זון וועל
איך געבן איין שבט, כּדי אַ ליכט זאָל בלייבן מיין קנעכט דודן
אַלע טעג פאַר מיר אין ירושָלַיִם, דער שטאָט וואָס איך האָב
מיר אויסדערוויילט צו טאָן מיין נאָמען דאָרטן. 37 און דיך
וועל איך נעמען, און וועסט קיניגן ווי וויט דיין האַרץ געלוסט,
און וועסט זיין אַ מלך איבער ישׂראל. 38 און עס וועט זיין, אויב

דו וועסט צוהערן אַלץ וואָס איך וועל דיר באַפעלן און וועסט
גיין אין מײַנע וועגן, און וועסט טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין
מײַנע אויגן, צו היטן מײַנע געזעצן און מײַנע געבאָט, אַזוי ווי
מײַן קנעכט דוד האָט געטאָן, וועל איך זײַן מיט דיר, און וועל
דיר בויען אַ זיכער הויז, אַזוי ווי איך האָב געבויט דודן, און
איך וועל געבן ישׂראל צו דיר. [39]און איך וועל פּײַניקן דעם
זאָמען פון דודן פון וועגן דעם, אָבער ניט אויף אַלע טעג.
[40]און שלמה האָט געזוכט צו טייטן יָרָבעָמען. איז יָרָבעָם
אויפגעשטאַנען און איז אַנטלאָפן קיין מִצרַיִם צו שִישַק דעם מלך
פון מִצרַיִם; און ער איז געווען אין מִצרַיִם ביז שלמהס טויט.
[41]און די איבעריקע זאַכן וועגן שלמהן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און זײַן חכמה, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון
די געשעענישן פון שלמהן.
[42]און די טעג וואָס שלמה האָט געקיניגט אין ירושָלַיִם איבער
גאַנץ ישׂראל, זײַנען געווען פערציק יאָר.
[43]און שלמה האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און ער
איז באַגראָבן געוואָרן אין זײַן פאָטער דודס־שטאָט. און זײַן
זון רחַבעָם איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

יב [1]און רחַבעָם איז געגאַנגען קיין שכֶם, ווײַל קיין שכֶם איז
געקומען גאַנץ ישׂראל אים צו מאַכן פאַר אַ מלך.
[2]און עס איז געווען, ווי יָרָבעָם דער זון פון נבָטן האָט דער־
הערט—וואָרום ער איז נאָך געווען אין מִצרַיִם, וווהין ער איז
אַנטלאָפן פון מלך שלמה; און יָרָבעָם איז געזעסן אין מִצרַיִם,
[3]און מע האָט געשיקט און אים גערופן—אַזוי איז געקומען יָרָבעָם
און די גאַנצע אײַנזאַמלונג פון ישׂראל, און זיי האָבן גערעדט
צו רחַבעָמען, אַזוי צו זאָגן: [4]דײַן פאָטער האָט שווער געמאַכט
אונדזער יאָך, און אַצונד פאַרגרינגער דו דעם האַרטן דינסט

פון דיין פאָטער, און זיין שווערן יאָך, וואָס ער האָט אַרויפֿ־
געלייגט אויף אונדז, און מיר וועלן דיר דינען. 5האָט ער צו
זיי געזאָגט: גייט אַוועק אויף נאָך דריי טעג, און קומט ווידער
צו מיר. איז דאָס פאָלק אַוועקגעגאַנגען.
6האָט דער מלך רחבֿעם זיך געעצהט מיט די זקנים וואָס
פלעגן שטיין פאַר זיין פאָטער שלמהן, ווען ער האָט געלעבט,
אַזוי צו זאָגן: ווי עצהט איר מיר צו געבן אַן ענטפער דעמדאָזיקן
פאָלק? 7האָבן זיי צו אים גערעדט, אַזוי צו זאָגן: אויב דו וועסט
היינט זיין אַ קנעכט צו דעמדאָזיקן פאָלק, און וועסט זיי דינען,
און וועסט זיי ענטפערן און רעדן צו זיי גוטע רייד, וועלן זיי
דיר זיין קנעכט אויף אַלע טעג.
8אָבער ער האָט פאַרלאָזן די עצה פון די זקנים וואָס זיי
האָבן אים געעצהט, און ער האָט זיך געעצהט מיט די יונגעלייט
וואָס זיינען אויפגעוואַקסן מיט אים, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר
אים. 9און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואָס עצהט איר, מיר זאָלן
געבן אַן ענטפער דעמדאָזיקן פאָלק, וואָס האָבן צו מיר גערעדט
אַזוי צו זאָגן: פאַרגרינגער דעם יאָך וואָס דיין פאָטער האָט
אַרויפגעלייגט אויף אונדז? 10האָבן צו אים גערעדט די יונגעלייט
וואָס זיינען אויפגעוואַקסן מיט אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי זאָלסטו
זאָגן צו דעמדאָזיקן פאָלק וואָס האָבן צו דיר גערעדט, אַזוי צו
זאָגן: דיין פאָטער האָט שווער געמאַכט אונדזער יאָך, דרום
פאַרגרינגער דו אונדז—אַזוי זאָלסטו רעדן צו זיי: מיין מינדסטער
פינגער איז דיקער פון מיין פאָטערס לענדן. 11און אַצונד,
מיין פאָטער האָט אויף אייך אַרויפגעלאָדן אַ שווערן יאָך, און
איך וועל נאָך צולייגן צו אייער יאָך; מיין פאָטער האָט אייך
געשטראָפט מיט ריטער, און איך וועל אייך שטראָפן מיט
שקאָרפּיאָנען.
12איז געקומען יָרבֿעם און דאָס גאַנצע פאָלק צו רחבֿעמען

אויפֿן דריטן טאָג, אַזוי ווי דער מלך האָט געהייסן, אַזוי צו זאָגן:
קומט ווידער צו מיר אויפֿן דריטן טאָג. 13און דער מלך האָט
געענטפֿערט דעם פֿאָלק האַרט, און ער האָט פֿאַרלאָזן די עצה
פֿון די זקנים וואָס זיי האָבן אים געעצהט. 14און ער האָט צו זיי
גערעדט אַזוי ווי די עצה פֿון די יונגעלייט, אַזוי צו זאָגן: מיין
פֿאָטער האָט שווער געמאַכט אייער יאָך, און איך וועל נאָך
צולייגן צו אייער יאָך; מיין פֿאָטער האָט אײַך געשטראָפֿט מיט
ריטער, און איך וועל אײַך שטראָפֿן מיט שקאָרפּיאָנען.

15און דער מלך האָט ניט צוגעהערט צום פֿאָלק, וואָרום
דאָס איז געווען באַשערט פֿון גאָט, כּדי מקיים צו זיין זיין וואָרט,
וואָס גאָט האָט גערעדט דורך אחִיָהן פֿון שילו צו יָרבעָם דעם
זון פֿון נבָטן.

16און ווי גאַנץ ישׂראל האָט געזען, אַז דער מלך האָט ניט
צוגעהערט צו זיי, אַזוי האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק געגעבן דעם
מלך אַן ענטפֿער, אַזוי צו זאָגן:

מיר האָבן ניט קיין חלק אין דודן,
און קיין ירושה אין דעם זון פֿון ישַין.
צו דיינע געצעלטן, ישׂראל!
אַצונד קוק זיך אום אויף דיין הויז, דוד!

און ישׂראל איז אַוועקגעגאַנגען צו זיינע געצעלטן. 17נאָר
די קינדער פֿון ישׂראל וואָס זיינען געזעסן אין די שטעט פֿון
יהודה, איבער זיי איז געבליבן קיניג רחבעָם.

18און דער מלך רחבעָם האָט אַרויסגעשיקט אדורָמען
וואָס איבער דעם צינז, און גאַנץ ישׂראל האָבן אים פֿאַרוואָרפֿן
מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן. און דער מלך רחבעָם
האָט זיך געאײַלט אַרויפֿצוגיין אויף זיין רייטוואָגן, צו אַנטלויפֿן
קיין ירושָלַים.

19און ישראל האָט ווידערשפּעניקט אָן דעם הויז פון דוד
ביז אויף היינטיקן טאָג.
20און עס איז געווען, ווי גאַנץ ישראל האָט געהערט, אַז
יָרָבעָם האָט זיך אומגעקערט, אַזוי האָבן זיי געשיקט און אים
גערופן צו דער אײַנזאַמלונג, און זיי האָבן אים געמאַכט פאַר
אַ מלך איבער גאַנץ ישראל. קיינער איז ניט געבליבן הינטער
דעם הויז פון דוד, אַחוץ שבט יהודה אַליין.
21און רחַבעָם איז געקומען קיין ירושָלַיִם, און ער האָט אײַנ־
געזאַמלט דאָס גאַנצע הויז פון יהודה, און שבט בנימין, הונדערט
און אַכציק טויזנט געקליבענע קריגסלייט, מלחמה צו האַלטן
מיט דעם הויז פון ישראל, כּדי אומצוקערן די מלוכה צו
רחַבעָם דעם זון פון שלמהן.
22איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו שמַעיָה דעם געטלאָכן
מאַן, אַזוי צו זאָגן: 23זאָג צו רחַבעָם דעם זון פון שלמהן, דעם
מלך פון יהודה, און צו דעם גאַנצן הויז פון יהודה און בנימין,
און דעם איבעריקן פאָלק, אַזוי צו זאָגן: 24אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
איר זאָלט ניט אַרויפגיין, און איר זאָלט ניט מלחמה האַלטן
מיט אײַערע ברידער, די קינדער פון ישראל. קערט אײַך
אום איטלאַכער צו זײַן הויז, וואָרום פון מיר איז געשען
די דאָזיקע זאַך.
און זיי האָבן צוגעהערט דאָס וואָרט פון גאָט, און זײַנען
אַוועקגעגאַנגען צוריק, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט.

25און יָרָבעָם האָט אַרומגעבויט שכֶם אין דעם געבערג פון
אֶפרַיִם, און האָט זיך אין איר באַזעצט. און ער איז אַרויס־
געגאַנגען פון דאָרטן, און האָט אַרומגעבויט פּנואֵל.
26און יָרָבעָם האָט געזאָגט בײַ זיך אין האַרצן: אַצונד וועט
די מלוכה זיך אומקערן צו דעם הויז פון דוד. 27אויב דאָס־
דאָזיקע פאָלק וועט אַרויפגיין צו מאַכן שלאַכטאָפּפער אין

דעם הויז פון גאָט אין ירושָלַיִם, וועט דאָס האַרץ פון דעם־
דאָזיקן פאָלק זיך אומקערן צו זייער האַר, צו רחַבעָם דעם
מלך פון יהודה, און זיי וועלן מיך הרגען, און וועלן זיך אומ־
קערן צו רחַבעָם דעם מלך פון יהודה.
[28]האָט דער מלך זיך באַקלערט, און האָט געמאַכט צוויי
גילדערנע קעלבער; און ער האָט צו זיי געזאָגט: גענוג אַייך
אַרויפגיין קיין ירושָלַיִם! אָט זיינען דיינע געטער, ישׂראל, וואָס
האָבן דיך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם. [29]און ער האָט
איינס אַוועקגעשטעלט אין בֵּית־אֵל, און איינס האָט ער אַוועק־
געשטעלט אין דָן. [30]און דידאָזיקע זאַך איז געוואָרן פאַר אַ
זינד; און דאָס פאָלק איז געגאַנגען צו איינעם ביז קיין דָן. [31]און
ער האָט געמאַכט הייזער פון בָּמות, און האָט געמאַכט כֹּהנים
פון צווישן דעם פאָלק וואָס זיינען ניט געווען פון די קינדער פון
לֵוִי. [32]און יָרָבעָם האָט געמאַכט אַ יָום־טוב אין אַכטן חודש,
אין פופצנטן טאָג פון חודש, אַזוי ווי דער יָום־טוב וואָס אין
יהודה, און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן מזבח. אַזוי האָט ער
געטאָן אין בֵּית־אֵל, כּדי צו שלאַכטן צו די קעלבער וואָס ער
האָט געמאַכט; און ער האָט געשטעלט אין בֵּית־אֵל די כֹּהנים
פון די בָּמות וואָס ער האָט געמאַכט. [33]און ער איז אַרויפ־
געגאַנגען אויף דעם מזבח וואָס ער האָט געמאַכט אין בֵּית־אֵל,
אין פופצנטן טאָג פון אַכטן חודש, אין דעם חודש וואָס ער האָט
אויסגעקלערט פון זיין האַרצן; און ער האָט געמאַכט אַ יָום־
טוב ביי די קינדער פון ישׂראל, און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן
מזבח צו דעמפן.

יג [1]ערשט אַ געטלאַכער מאַן איז אָנגעקומען פון יהודה דורך
דעם וואָרט פון גאָט קיין בֵּית־אֵל, ווען יָרָבעָם איז
געשטאַנען אויפן מזבח צו דעמפן. [2]און ער האָט אויסגערופן
צום מזבח דורך דעם וואָרט פון גאָט, און האָט געזאָגט:

מזבח! מזבח! אזוי האָט גאָט געזאָגט:
זע, אַ זון ווערט געבאָרן דעם הויז פון דוד–
יאשיָהו וועט זיין נאָמען זיין,
און ער וועט שעכטן אויף דיר
די כֹּהנים פון די בָּמות וואָס דעמפן אויף דיר;
און ביינער פון מענטשן וועט מען פאַרברענען אויף דיר.
3 און ער האָט געגעבן אין יענעם טאָג אַ צייכן, אַזוי צו זאָגן:
דאָס איז דער צייכן וואָס גאָט האָט געזאָגט: זע, דער מזבח
ווערט צעריסן, און די אַש וואָס אויף אים וועט זיך אויסשיטן.
4 און עס איז געווען, ווי דער מלך האָט געהערט דאָס וואָרט
פון דעם געטלאַכן מאַן וואָס ער האָט אויסגערופן צום מזבח
אין בֵּית־אֵל, אַזוי האָט יָרָבעָם אויסגעשטרעקט זיין האַנט פון
מזבח, אַזוי צו זאָגן: כאַפּט אים. און זיין האַנט וואָס ער האָט
אויסגעשטרעקט אויף אים, איז איינגעדאַרט געוואָרן, און ער
האָט זי ניט געקענט אומקערן צו זיך. 5 און דער מזבח איז
צעריסן געוואָרן, און די אַש האָט זיך אויסגעשאָטן פון מזבח,
אַזוי ווי דער צייכן וואָס דער געטלאַכער מאַן האָט געגעבן
דורך דעם וואָרט פון גאָט.
6 האָט דער מלך זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט צום
געטלאַכן מאַן: בעט אַקאָרשט ביי יהוה דיין גאָט, און זיי מתפּלל
פאַר מיר, אַז מיין האַנט זאָל זיך אומקערן צו מיר.
האָט דער געטלאַכער מאַן געבעטן ביי גאָט, און די האַנט
פון דעם מלך האָט זיך אומגעקערט, און איז געוואָרן אַזוי ווי
פריער.
7 האָט דער מלך געזאָגט צום געטלאַכן מאַן: קום מיט מיר
אַהיים, און דערקוויק זיך, און איך וועל דיר געבן אַ מתּנה.
8 האָט דער געטלאַכער מאַן געזאָגט צום מלך: ווען דו זאָלסט
מיר געבן אַ האַלב הויז דיינס, וועל איך ניט גיין מיט דיר, און

וועל ניט עסן קיין ברויט און ניט טרינקען קיין וואַסער אין דעמ־
דאָזיקן אָרט. 9וואָרום אַזוי האָט מען מיר באַפוילן דורך דעם
וואָרט פון גאָט, אַזוי צו זאָגן: זאָלסט ניט עסן קיין ברויט און ניט
טרינקען קיין וואַסער, און זאָלסט זיך ניט אומקערן אויף דעם
וועג וואָס דו ביסט געגאַנגען.
10און ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג, און האָט
זיך ניט אומגעקערט מיט דעם וועג וואָס ער איז אויף אים
געקומען קיין בּית־אל.
11און איינער אַן אַלטער נביא איז געזעסן אין בּית־אל; איז
געקומען איינער פון זיינע זין, און האָט אים דערציילט די גאַנצע
טואונג וואָס דער געטלעכער מאַן האָט געטאָן דעם טאָג אין
בּית־אל, און די ווערטער וואָס ער האָט גערעדט צום מלך.
און ווי זיי האָבן עס דערציילט זייער פאָטער, 12אַזוי האָט זייער
פאָטער צו זיי געזאָגט: וואָסער וועג איז ער געגאַנגען? און זיינע
זין האָבן געזען דעם וועג וואָס דער געטלעכער מאַן וואָס איז
געקומען פון יהודה, איז געגאַנגען. 13האָט ער געזאָגט צו זיינע
זין: זאָטלט מיר אָן דעם אייזל.
האָבן זיי אים אָנגעזאָטלט דעם אייזל, און ער איז אַוועק־
געריטן אויף אים. 14און ער איז געגאַנגען נאָך דעם געטלעכן
מאַן, און האָט אים געפונען זיצענדיק אונטער אַן אייכנבוים, און
ער האָט צו אים געזאָגט: בּיסט דו דער געטלעכער מאַן וואָס
איז געקומען פון יהודה? האָט ער געזאָגט: איך. 15האָט ער
צו אים געזאָגט: קום מיט מיר אַהיים, און עס ברויט. 16האָט
ער צו אים געזאָגט: איך קען זיך ניט אומקערן מיט דיר און
קומען צו דיר, און איך וועל ניט עסן קיין ברויט און ניט טרינקען
קיין וואַסער ביי דיר אין דעמדאָזיקן אָרט. 17וואָרום אַן אָמאָג
האָב איך דורך דעם וואָרט פון גאָט: זאָלסט ניט עסן קיין ברויט
און ניט טרינקען דאָרטן קיין וואַסער, און זאָלסט זיך ניט אומ־

קערן צו גיין מיט דעם וועג וואָס דו ביסט אויף אים געגאַנגען.
[18]האָט ער צו אים געזאָגט: איך בין אויך אַ נביא אַזוי ווי דו, און
אַ מלאַך האָט גערעדט צו מיר דורך דעם וואָרט פון גאָט, אַזוי
צו זאָגן: קער אים אום מיט דיר אין דיין הויז, און ער זאָל עסן
ברויט און טרינקען וואַסער. ליגן האָט ער אים געזאָגט.
[19]האָט ער זיך אומגעקערט מיט אים, און ער האָט געגעסן
ברויט אין זיין הויז, און געטרונקען וואַסער. [20]און עס איז
געווען, ווי זיי זיצן ביים טיש, אַזוי איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען
צו דעם נביא וואָס האָט אים אומגעקערט. [21]און ער האָט
אויסגערופן צו דעם געטלאַכן מאַן וואָס איז געקומען פון יהודה,
אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: ווייל דו האָסט ווידער־
שפעניקט דעם מויל פון גאָט, און האָסט ניט געהיט דעם באַפעל
וואָס יהוה דיין גאָט האָט דיר באַפוילן, [22]און האָסט זיך אומ־
געקערט, און געגעסן ברויט און געטרונקען וואַסער אין דעם
אָרט וואָס ער האָט דיר אָנגעזאָגט: זאָלסט ניט עסן קיין ברויט
און ניט טרינקען קיין וואַסער—וועט דיין טויטער לייב ניט קומען
צו דעם קבר פון דיינע עלטערן.
[23]און עס איז געווען, נאָכדעם ווי ער האָט געגעסן ברויט,
און נאָכדעם ווי ער האָט געטרונקען, האָט ער אָנגעזאָטלט דעם
אייזל פאַר אים—פאַר דעם נביא וואָס ער האָט אים אומ־
געקערט. [24]און ער איז אַוועקגעגאַנגען, און אַ לייב האָט אים
אָנגעטראָפן אין וועג, און האָט אים געטייט; און זיין טויטער
לייב איז געלעגן אַוועקגעוואָרפן אויפן וועג, און דער אייזל
איז געשטאַנען לעבן אים; אויך דער לייב איז געשטאַנען לעבן
דעם טויטן לייב. [25]ערשט מענטשן זיינען פאַרבייגעגאַנגען,
און האָבן געזען דעם טויטן לייב אַוועקגעוואָרפן אויפן וועג,
און דעם לייב שטייענדיק לעבן דעם טויטן לייב; זיינען זיי
געקומען און האָבן דערציילט אין דער שטאָט וואָס דער

אַלטער נביא איז אין איר געװעסן. [26]האָט דערהערט דער
נביא װאָס האָט אים אומגעקערט פון װעג, און ער האָט געזאָגט:
דאָס איז דער געטלאַכער מאַן װאָס האָט װידערשפּעניקט דעם
מויל פון גאָט, און גאָט האָט אים איבערגעגעבן צום לײב, און
ער האָט אים צעריסן און אים געטײט, אַזױ װי דאָס װאָרט פון
גאָט װאָס ער האָט צו אים גערעדט.
[27]און ער האָט געהײסן זײנע זין, אַזױ צו זאָגן: זאָטלט מיר
אָן דעם אײזל. האָבן זײ אָנגעזאָטלט. [28]און ער איז געגאַנגען
און האָט געפונען זײן טויטן לײב אַװעקגעװאָרפן אויפן װעג,
און דער אײזל און דער לײב שטײען לעבן דעם טויטן לײב.
ניט דער לײב האָט געגעסן דעם טויטן לײב, און ניט ער האָט
צעריסן דעם אײזל.
[29]האָט דער נביא אויפגעהויבן דעם טויטן לײב פון דעם
געטלאַכן מאַן, און האָט אים אַרויפגעלײגט אויפן אײזל, און
האָט אים צוריקגעפירט; און ער איז געקומען אין דער שטאָט
פון דעם אַלטן נביא, צו באַקלאָגן און אים צו באַגראָבן. [30]און
ער האָט געלײגט זײן טויטן לײב אין זײן אײגענעם קבר, און מע
האָט געקלאָגט אויף אים: װײ, מײן ברודער!
[31]און עס איז געװען, נאָכדעם אַז ער האָט אים באַגראָבן,
האָט ער אָנגעזאָגט זײנע זין, אַזױ צו זאָגן: אַז איך שטאַרב, זאָלט
איר מיך באַגראָבן אין דעם קבר װאָס דער געטלאַכער מאַן
איז אין אים באַגראָבן; לעבן זײנע בײנער לײגט מײנע בײנער.
[32]װאָרום געשען װעט געשען דאָס װאָרט װאָס ער האָט אויס־
גערופן דורך דעם װאָרט פון גאָט איבער דעם מזבח װאָס אין
בית־אֵל, און איבער אַלע הײזער פון די בָּמוֹת װאָס אין די
שטעט פון שומרון.
[33]נאָך דערדאָזיקער געשעעניש האָט זיך יָרָבעָם ניט אָפּ־
געקערט פון זײן שלעכטן װעג, און ער האָט װידער געמאַכט

פון צווישן פאָלק כּהנים פון בָּמות. ווער עס האָט געוואָלט,
פלעגט ער דערפילן זיין האַנט, ער זאָל ווערן פון די כּהנים פון
די בָּמות. 34און דורך דערדאָזיקער זאַך איז געווען אַ זינד
אויף דעם הויז פון יָרָבעָם; כּדי עס אויסצוראָטן און פאַרטיליקן
פון געזיכט פון דער ערד.

יד 1אין יענער צייט איז קראַנק געוואָרן אַבִיָה דער זון פון
יָרָבעָמען. 2האָט יָרָבעָם געזאָגט צו זיין ווייב: שטיי אויף,
איך בעט דיך, און פאַרשטעל זיך, מע זאָל ניט דערקענען אַז
דו ביסט יָרָבעָמס ווייב, און זאָלסט גיין קיין שילוֹ. זע, דאָרטן
איז אַחִיָה דער נביא, דער וואָס האָט געזאָגט אויף מיר, אַז איך
וועל ווערן אַ מלך איבער דעמדאָזיקן פאָלק. 3און זאָלסט
נעמען מיט דיר צען ברויטן, און קיכלאַך, און אַ קרוג האָניק,
און קומען צו אים; ער וועט דיר זאָגן וואָס וועט זיין מיטן אינגל.
4האָט יָרָבעָמס ווייב אַזוי געטאָן, און זי איז אויפגעשטאַנען
און איז געגאַנגען קיין שילוֹ, און זי איז געקומען אין אַחִיָהס הויז;
און אַחִיָהוּ האָט ניט געקענט זען, וואָרום זיינע אויגן זיינען געווען
שטאַר פון זיין זקנה. 5אָבער גאָט האָט אָנגעזאָגט אַחִיָהן: זע,
יָרָבעָמס ווייב קומט פרעגן ביי דיר אַ באַשייד וועגן איר זון,
וואָרום ער איז קראַנק; זאָלסטו אַזוי און אַזוי רעדן צו איר. און
עס וועט זיין, אַז זי קומט, וועט זי זיך שטעלן פרעמד.
6און עס איז געווען, ווי אַחִיָה האָט געהערט דעם שאָרך פון
אירע פיס, ווען זי איז אַריינגעקומען אין טיר, אַזוי האָט ער
געזאָגט: קום אַריין, יָרָבעָמס ווייב, נאָך וואָס דען שטעלסטו
זיך פרעמד, אַז איך בין געשיקט צו דיר מיט אַ שווערער בשׂורה?
7גיי זאָג צו יָרָבעָמען: אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער גאָט פון
ישׂראל: ווייל איך האָב דיך דערהויבן פון צווישן דעם פאָלק,
און האָב דיך געמאַכט פאַר אַ פירשט איבער מיין פאָלק

ישׂראל; 8און איך האָב אַוועקגעריסן די מלוכה פֿון דעם הויז
פֿון דוד, און האָב זי דיר געגעבן; און דו ביסט ניט געווען אַזוי
ווי מיין קנעכט דוד, וואָס האָט געהיט מיינע געבאָט, און וואָס
איז געגאַנגען נאָך מיר מיט זיין גאַנצן האַרצן, צו טאָן נאָר וואָס
איז רעכטפאַרטיק אין מיינע אויגן; 9און האָסט געטאָן ערגער ווי
אַלע וואָס זיינען געווען פאַר דיר, און ביסט געגאַנגען און האָסט
דיר געמאַכט פרעמדע געטער, און געגאָסענע געצן, מיך צו
דערצערענען, און מיך האָסטו אַוועקגעוואָרפן הינטער דיין
רוקן–10דרום זע, איך ברענג אַן אומגליק אויף יָרָבעָמס הויז,
און איך וועל פאַרשניידן פון יָרָבעָמען יעטוועדער מאַנס־
פאַרשויך[*], קינד און קייט, צווישן ישׂראל, און וועל אויסראַמען
יָרָבעָמס הויז אַזוי ווי מע ראַמט אויס קויט, ביז עס וועט פאַר־
לענדט ווערן. 11דעם וואָס שטאַרבט פון יָרָבעָמען אין שטאָט,
וועלן די הינט אויפעסן, און דעם וואָס שטאַרבט אין פעלד,
וועלן די פויגלען פון הימל אויפעסן; וואָרום גאָט האָט גערעדט.
12און דו שטיי אויף, גיי אַהיים; ווי דיינע פיס קומען אין שטאָט,
אַזוי וועט דאָס קינד שטאַרבן. 13און גאַנץ ישׂראל וועלן אים
באַקלאָגן, און וועלן אים באַגראָבן; וואָרום בלויז דערדאָזיקער
פון יָרָבעָמען וועט קומען צו קבורה, ווייל אין אים איז געפונען
געוואָרן עפעס גוטס אַקעגן יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, אין
יָרָבעָמס הויז. 14און גאָט וועט זיך אויפשטעלן אַ מלך איבער
ישׂראל, וואָס וועט פאַרשניידן יָרָבעָמס הויז יענעם טאָג. אָבער
אַפילו דענסמאָל איז וואָס? 15וואָרום גאָט וועט שלאָגן ישׂראל,
אַזוי ווי אַ ראָר ווערט געטרייסלט אין וואַסער, און ער וועט
אויסרייסן ישׂראל פון דערדאָזיקער גוטער ערד וואָס ער האָט
געגעבן זייערע עלטערן, און ער וועט זיי צעשפרייטן פון יענער
זייט טייך, פאַרוואָס זיי האָבן געמאַכט זייערע געצנבוימער,
דערצערענעדיק גאָט. 16און ער וועט איבערגעבן ישׂראל

[*] אין טעקסט: מַשְׁתִּין בְּקִיר.

פון װעגן די זינד פון יָרָבעָמען װאָס ער האָט געזינדיקט, און
װאָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל.

[17]און יָרָבעָמס װײַב איז אויפגעשטאַנען, און איז אַװעק־
געגאַנגען און געקומען קיין תִּרצָה; װי זי איז געקומען אויף דעם
שװעל פון הויז, אַזױ איז דאָס אינגל געשטאָרבן. [18]און גאַנץ
ישׂראל האָבן אים באַגראָבן, און אים באַקלאָגט; אַזױ װי דאָס
װאָרט פון גאָט װאָס ער האָט גערעדט דורך זײַן קנעכט אַחִיָה
דעם נביא.

[19]און די איבעריקע זאַכן װעגן יָרָבעָמען, װי ער האָט
מלחמה געהאַלטן, און װי ער האָט געקיניגט, דאָס איז באַשריבן
אין בוך פון די צײַטגעשעעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
[20]און די טעג װאָס יָרָבעָם האָט געקיניגט, זײַנען געװען צװײ
און צװאַנציק יאָר. און ער האָט זיך געלײגט מיט זײַנע
עלטערן, און זײַן זון נָדָב איז געװאָרן מלך אויף זײַן אָרט.

[21]און רחַבעָם דער זון פון שלמהן האָט געקיניגט אין יהודה.
אײן און פערציק יאָר איז רחַבעָם אַלט געװען אַז ער איז
געװאָרן מלך, און זיבעצן יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם,
דער שטאָט װאָס גאָט האָט אויסדערװײלט פון אַלע שבטים
אין ישׂראל, צו טאָן זײַן נאָמען דאָרטן. און דער נאָמען פון
זײַן מוטער איז געװען נַעֲמָה די עַמונית.
[22]און יהודה האָט געטאָן װאָס איז שלעכט אין די אויגן פון
גאָט, און זײ האָבן אים דערצערנט מער װי אַלץ װאָס זײערע
עלטערן האָבן געטאָן, מיט זײערע זינד װאָס זײ האָבן געזינדיקט.
[23]און זײ אויך האָבן זיך געבױט בָּמות, און זײלשטײנער, און
געצנבױמער, אויף יעטװעדער הויכן בערגל, און אונטער
יעטװעדער צװײַגהאַפטיקן בױם. [24]און אויך שאַנדמענער
זײַנען געװען אין לאַנד. זײ האָבן געטאָן אַזױ װי אַלע אומ־

ווערדיקייטן פון די פעלקער וואָס גאָט האָט פאַרטריבן פון
פאַר די קינדער פון ישׂראל.
[25]און עס איז געווען אין פינפטן יאָר פון מלך רחַבעָם איז
שישַק דער מלך פון מִצרַיִם אַרויפגעקומען אויף ירושָלַיִם.
[26]און ער האָט צוגענומען די אוצרות פון גאָטס הויז, און די
אוצרות פון מלכס הויז; אַלץ האָט ער צוגענומען. און ער האָט
צוגענומען אַלע גילדערנע שילדן וואָס שלמה האָט געמאַכט.
[27]און דער מלך רחַבעָם האָט געמאַכט אָנשטאָט זיי קופּערנע
שילדן, און האָט זיי געגעבן אויף דער האַנט פון די הויפּטלייט
פון די לויפערס וואָס האָבן געהיט דעם אײַנגאַנג פון מלכס
הויז. [28]און עס איז געווען, ווען נאָר דער מלך פלעגט קומען
אין גאָטס הויז, פלעגן די לויפער זיי אַרויסטראָגן; דערנאָך
פלעגן זיי זיי אומקערן אין דער קאַמער פון די לויפערס.
[29]און די איבעריקע זאַכן וועגן רחַבעָמען, און אַלץ וואָס
ער האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה. [30]און אַ מלחמה איז
געווען צווישן רחַבעָמען און צווישן יָרָבעָמען אַלע טעג.
[31]און רחַבעָם האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און ער
איז באַגראָבן געוואָרן לעבן זײַנע עלטערן אין דודס־שטאָט.
און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז געווען נַעֲמָה די עַמונית. און
זײַן זון אַבִיָם איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

טו [1]און אין אַכצנטן יאָר פון מלך יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן,
איז אַבִיָם געוואָרן מלך איבער יהודה. [2]דרײַ יאָר האָט ער
געקיניגט אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז
געווען מַעֲכָה די טאָכטער פון אַבישָלומען. [3]און ער איז
געגאַנגען אין אַלע זינד פון זײַן פאָטער, וואָס ער האָט געטאָן
פאַר אים, און זײַן האַרץ איז ניט געווען גאַנץ מיט יהוה זײַן גאָט

אַזוי ווי דאָס האַרץ פון זיין פאָטער דודן. 4אָבער פון דודס
וועגן האָט אים יהוה זיין גאָט געשאָנקען אַ ליכט אין ירושלַיִם,
אויפצושטעלן זיין זון נאָך אים, און אויפצוהאַלטן ירושלַיִם.
5ווייל דוד האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט, און האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון אַלץ וואָס ער האָט
אים באַפוילן, אַלע טעג פון זיין לעבן, אַחוץ אין דער מעשׂה
מיט אוּרִיָה דעם חִתּי.

6און אַ מלחמה איז געווען צווישן רחַבעָמען און צווישן
יָרָבעָמען אַלע טעג פון זיין לעבן.

7און די איבעריקע זאַכן וועגן אַבִיָמען, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה. און אַ מלחמה איז געווען
צווישן אַבִיָמען און צווישן יָרָבעָמען.

8און אַבִיָם האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און מע
האָט אים באַגראָבן אין דודס־שטאָט. און זיין זון אָסאָ איז
געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

9און אין צוואַנציקסטן יאָר פון יָרָבעָם דעם מלך פון
ישׂראל, איז אָסאָ געוואָרן מלך איבער יהודה. 10און איין און
פערציק יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושלַיִם. און דער נאָמען
פון זיין מוטער איז געווען מַעֲכָה די טאָכטער פון אַבִישָׁלוֹמען.

11און אָסאָ האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט, אַזוי ווי זיין פאָטער דוד. 12און ער האָט אָפּגעשאַפט
פון לאַנד די שאַנדמענער, און האָט אָפּגעטאָן אַלע אָפּגעטער
וואָס זיינע עלטערן האָבן געמאַכט. 13און אויך זיין מוטער
מַעֲכָהן האָט ער אָפּגעטאָן פון זיין אַ האַרנטע, ווייל זי האָט
געמאַכט אַ פאַרזעעניש צו דער אֲשֵׁרָה. און אָסאָ האָט אָפּ־
געהאַקט איר פאַרזעעניש, און פאַרברענט ביים טייך קִדְרוֹן.

[14]נאָר די בָּמוֹת זײַנען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן; אָבער דאָס האַרץ
פֿון אָסאָן איז געווען גאַנץ מיט גאָט אַלע זײַנע טעג.

[15]און ער האָט געבראַכט די געהײליקטע זאַכן פֿון זײַן
פֿאָטער, און זײַנע אײגענע געהײליקטע זאַכן, אין הויז פֿון גאָט,
זילבער, און גאָלד, און כּלים.

[16]און אַ מלחמה איז געווען צווישן אָסאָן און צווישן בַּעְשָׁא
דעם מלך פֿון ישׂראל אַלע זײערע טעג. [17]און בַּעְשָׁא דער מלך
פֿון ישׂראל איז אַרױפֿגעגאַנגען אויף יהודה, און האָט באַבויט
רָמָה, כּדי ניט צו דערלאָזן אַן אַרויסגײער און אַן אַרײַנגײער בײַ
אָסאָ דעם מלך פֿון יהודה.

[18]האָט אָסאָ גענומען דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד וואָס איז
געבליבן אין די אוצרות פֿון גאָטס הויז, און די אוצרות פֿון מלכס
הויז, און האָט זײ געגעבן אין דער האַנט פֿון זײַנע קנעכט; און
דער מלך אָסאָ האָט זײ געשיקט צו בֶּן־הֲדַד דעם זון פֿון טַבְרִמּוֹן
דעם זון פֿון חֶזְיוֹנען, דעם מלך פֿון אֲרָם, וואָס איז געזעסן אין
דַמֶּשֶׂק, אַזוי צו זאָגן: [19]אַ בונד איז צווישן מיר און צווישן דיר,
צווישן מײַן פֿאָטער און צווישן דײַן פֿאָטער; אָט שיק איך דיר
אַ מתּנה זילבער און גאָלד; גײ, פֿאַרשטער דײַן בונד מיט בַּעְשָׁא
דעם מלך פֿון ישׂראל, כּדי ער זאָל אָפּציִען פֿון מיר.

[20]האָט בֶּן־הֲדַד צוגעהערט צום מלך אָסאָ, און ער האָט
געשיקט זײַנע חיל־פֿירער אויף די שטעט פֿון ישׂראל, און האָט
געשלאָגן עִיּוֹן, און דָן, און אָבֵל־בֵּית־מַעֲכָה, און גאַנץ כִּנְרוֹת,
מיט דעם גאַנצן לאַנד נַפְתָּלִי.

[21]און עס איז געווען, ווי בַּעְשָׁא האָט דערהערט, אַזוי האָט
ער אויפֿגעהערט אַרומבויען רָמָה, און איז געזעסן אין תִּרְצָה.
[22]און דער מלך אָסאָ האָט צונויפֿגערופֿן גאַנץ יהודה, קײנעם
ניט אויסגעלאָזט, און זײ האָבן אַוועקגעטראָגן די שטײנער פֿון

רָמָה און אירע האָלצן, מיט וואָס בַּעְשָׁא האָט געבויט; און דער
מלך אָסאָ האָט מיט זיי באַבויט גֶבַע־בנימין, און מִצְפָּה.
23און די איבעריקע זאַכן וועגן אָסאָן, און זיין גאַנצע גבורה־
שאַפט, און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, און די שטעט וואָס ער
האָט געבויט, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה. נאָר צו דער צייט פון
זיין עלטער איז ער קראַנק געוואָרן אויף די פיס.
24און אָסאָ האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און ער
איז באַגראָבן געוואָרן לעבן זיינע עלטערן אין זיין פאָטער
דודס־שטאָט. און זיין זון יהוֹשָׁפָט איז געוואָרן מלך אויף זיין
אָרט.

25און נָדָב דער זון פון יָרָבעָמען איז געוואָרן מלך איבער
ישׂראל אין צווייטן יאָר פון אָסאָ דעם מלך פון יהודה, און ער
האָט געקיניגט איבער ישׂראל צוויי יאָר. 26און ער האָט געטאָן
וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, און איז געגאַנגען אין דעם
וועג פון זיין פאָטער, און אין זיין זינד וואָס ער האָט געמאַכט
זינדיקן ישׂראל.
27און בַּעְשָׁא דער זון פון אַחִיָהן, פון דעם הויז פון יִשָׂשׂכָר,
האָט געמאַכט אַ בונט אויף אים, און בַּעְשָׁא האָט אים געשלאָגן
אין גִבתוֹן וואָס געהערט צו די פּלִשתּים, ווען נָדָב און גאַנץ
ישׂראל האָבן געלעגערט אויף גִבתון. 28און בַּעְשָׁא האָט אים
געטייט אין דריטן יאָר פון אָסאָ דעם מלך פון יהודה, און איז
געוואָרן מלך אויף זיין אָרט. 29און עס איז געווען, ווי ער איז
געוואָרן מלך, האָט ער דערשלאָגן דאָס גאַנצע הויז פון
יָרָבעָמען; ער האָט ניט איבערגעלאָזן קיין לעבעדיקן אָטעם
פון יָרָבעָמען, ביז ער האָט אים פאַרטיליגט, אַזוי ווי דאָס וואָרט
פון גאָט וואָס ער האָט גערעדט דורך זיין קנעכט אַחִיָהן פון

שילו; 30פאַר די זינד פון יָרָבעָמען וואָס ער האָט געזינדיקט,
און וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל; פון וועגן זיין דער־
צערענונג וואָס ער האָט דערצערנט יהוה דעם גאָט פון ישׂראל.
31און די איבעריקע זאַכן וועגן נָדָבן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
32און אַ מלחמה איז געווען צווישן אָסאָן און צווישן בַּעְשאָ
דעם מלך פון ישׂראל אַלע זייערע טעג.
33אין דריטן יאָר פון אָסאָ דעם מלך פון יהודה, איז בַּעְשאָ
דער זון פון אַחִיָהן געוואָרן מלך איבער גאַנץ ישׂראל אין תִּרְצָה,
[און האָט געקיניגט] פיר און צוואַנציק יאָר. 34און ער האָט
געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, און איז געגאַנגען
אין דעם וועג פון יָרָבעָמען, און אין זיין זינד וואָס ער האָט
געמאַכט זינדיקן ישׂראל.
טז 1און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו יֵהוא דעם זון פון
חֲנָנִין, אויף בַּעְשאָן, אַזוי צו זאָגן: 2ווייל איך האָב דיך אויפ־
געהויבן פון שטויב, און האָב דיך געמאַכט פאַר אַ פירשט
איבער מיין פאָלק ישׂראל, און דו ביסט געגאַנגען אין דעם וועג
פון יָרָבעָמען, און האָסט געמאַכט זינדיקן מיין פאָלק ישׂראל,
מיך צו דערצערענען מיט זייערע זינד— 3אָט ראַם איך אויס
בַּעְשאָן און זיין הויז, און וועל מאַכן דיין הויז אַזוי ווי דאָס הויז
פון יָרָבעָם דעם זון פון נְבָטן. 4דעם וואָס שטאַרבט פון בַּעְשאָן
אין שטאָט, וועלן די הינט אויפעסן, און דעם וואָס שטאַרבט פון
אים אין פעלד, וועלן די פויגלען פון הימל אויפעסן.
5און די איבעריקע זאַכן וועגן בַּעְשאָן, און וואָס ער האָט
געטאָן, און זיין גבורהשאַפט, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך
פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
6און בַּעְשאָ האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און ער

איז באַגראָבן געוואָרן אין תּרצָה. און זיין זון אֵלָה איז געוואָרן
מלך אויף זיין אָרט.
[7]און אויך איז דאָס וואָרט פֿון גאָט געווען דורך יֵהוא דעם
זון פֿון חנָני, דעם נביא, אויף בַּעְשאָן און אויף זיין הויז, אי פֿאַר
אַלעס בייזן וואָס ער האָט געטאָן אין די אויגן פֿון גאָט, אים צו
דערצערענען מיט די מעשׂים פֿון זיינע הענט, צו זיין אַזוי ווי
דאָס הויז פֿון יָרָבעָמען, אי פֿאַרוואָס ער האָט אים דערשלאָגן.

[8]אין זעקס און צוואַנציקסטן יאָר פֿון אָסאָ דעם מלך פֿון
יהודה, איז אֵלָה דער זון פֿון בַּעְשאָן געוואָרן מלך איבער
ישׂראל אין תּרצָה, [און האָט געקיניגט] צוויי יאָר.
[9]און זיין קנעכט זמרי, אַ הויפּטמאַן איבער אַ העלפֿט פֿון
די רייטוועגן, האָט געמאַכט אַ בונט אויף אים, בעת ער איז
געווען אין תּרצָה, זיך שיכּור טרינקענדיק אין הויז פֿון אַרצאָן
וואָס איבערן פּאַלאַץ אין תּרצָה. [10]און זמרי איז געקומען, און
האָט אים געשלאָגן און אים געטייט, אין זיבן און צוואַנציקסטן
יאָר פֿון אָסאָ דעם מלך פֿון יהודה, און איז געוואָרן מלך אויף
זיין אָרט.
[11]און עס איז געווען, ווי ער איז געוואָרן מלך, אַז ער האָט
זיך געזעצט אויף זיין טראָן, האָט ער דערשלאָגן דאָס גאַנצע
הויז פֿון בַּעְשאָן; ער האָט אים ניט איבערגעלאָזן אַ מאַנס־
פֿאַרשויך[א], צומאָל זיינע אייגענע און זיינע גוטע פֿריינט. [12]און
זמרי האָט פֿאַרטיליגט דאָס גאַנצע הויז פֿון בַּעְשאָן, אַזוי ווי
דאָס וואָרט פֿון גאָט וואָס ער האָט גערעדט וועגן בַּעְשאָן דורך
יֵהוא דעם נביא, [13]פֿאַר אַלע זינד פֿון בַּעְשאָן, און די זינד פֿון
זיין זון אֵלָהן, וואָס זיי האָבן געזינדיקט, און וואָס זיי האָבן
געמאַכט זינדיקן ישׂראל, צו דערצערענען יהוה דעם גאָט פֿון
ישׂראל מיט זייערע נישטיקע געצן.

[א] אין טעקסט: מַשְׁתִּין בְּקִיר.

14און די איבעריקע זאַכן וועגן אֵלָהן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.

15אין זיבן און צוואַנציקסטן יאָר פון אָסאָ דעם מלך פון
יהודה, האָט זמרי געקיניגט זיבן טעג אין תּרצָה, בעת דאָס
פאָלק האָט געלאַגערט אויף גִבּתון וואָס געהערט צו די
פּלשתּים. 16און דאָס פאָלק וואָס האָט געלאַגערט, האָט
געהערט, אַזוי צו זאָגן: זמרי האָט געמאַכט אַ בּונט, און ער האָט
אויך דערשלאָגן דעם מלך; און גאַנץ ישׂראל האָבן געמאַכט
עָמרי דעם חיל־פירער פאַר אַ מלך איבער ישׂראל, אין יענעם
טאָג אין לאַגער. 17און עָמרי און גאַנץ ישׂראל מיט אים זיינען
אַרויפגעגאַנגען פון גִבּתון, און האָבן געלעגערט אויף תּרצָה.
18און עס איז געווען, ווי זמרי האָט געזען אַז די שטאָט איז
באַצוווּנגען, אַזוי איז ער אַריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ פון מלכס
הויז, און האָט אָנגעצונדן איבער זיך דעם מלכס הויז אין פייער,
און איז געשטאָרבן; 19איבער זיינע זינד וואָס ער האָט געזינדיקט,
צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, צו גיין אין דעם
וועג פון יָרָבעָמען, און פאַר זיין זינד וואָס ער איז באַגאַנגען צו
מאַכן זינדיקן ישׂראל.
20און די איבעריקע זאַכן וועגן זמרין, און זיין בּונט וואָס
ער האָט געבּונטעוועט, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די
צייטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
21דענסמאָל האָט זיך דאָס פאָלק ישׂראל צעטיילט אין
העלפט: העלפט פון פאָלק איז געווען הינטער תִּבני דעם זון
פון גינַתן, אים צו מאַכן פאַר מלך, און העלפט הינטער עָמרין.
22און דאָס פאָלק וואָס הינטער עָמרין האָט איבערגעשטאַרקט
דאָס פאָלק וואָס הינטער תִּבני דעם זון פון גינַתן. און תִּבני
איז אומגעקומען, און עָמרי איז געבליבן מלך.

23אין אײן און דרײסיקסטן יאָר פֿון אָסאָ דעם מלך פֿון
יהודה איז עָמרי געװאָרן מלך איבער ישׂראל, [און האָט
געקיניגט] צװעלף יאָר; אין תִּרצָה האָט ער געקיניגט זעקס יאָר.
24און ער האָט אָפּגעקויפֿט דעם באַרג שׁומרון פֿון שֶׁמֶרן פֿאַר
צװײ צענטנער זילבער, און האָט באַבויט דעם באַרג, און
גערופֿן דעם נאָמען פֿון דער שטאָט װאָס ער האָט געבויט, אויף
דעם נאָמען פֿון שֶׁמֶר, דעם האַר פֿון דעם באַרג, שׁומרון.
25און עָמרי האָט געטאָן װאָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון
גאָט, און ער האָט זיך געפֿירט ערגער װי אַלע װאָס פֿאַר אים.
26און ער איז געגאַנגען אין אַלדעם װעג פֿון יָרָבעָם דעם זון פֿון
נבָטן, און אין זײַן זינד װאָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל,
צו דערצערענען יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל מיט זײערע
נישטיקע געצן.
27און די איבעריקע זאַכן פֿון עָמרין װאָס ער האָט געטאָן,
און זײַן גבורהשאַפֿט װאָס ער האָט אויפֿגעטאָן, דאָס איז שוין
באַשריבן אין בוך פֿון די צײַטגעשעענישן פֿון די מלכים פֿון
ישׂראל.
28און עָמרי האָט זיך געלײגט מיט זײַנע עלטערן, און איז
באַגראָבן געװאָרן אין שׁומרון, און זײַן זון אַחאָב איז געװאָרן
מלך אויף זײַן אָרט.

29און אַחאָב דער זון פֿון עָמרין איז געװאָרן מלך איבער
ישׂראל אין אַכט און דרײַסיקסטן יאָר פֿון אָסאָ דעם מלך פֿון
יהודה. און אַחאָב דער זון פֿון עָמרין האָט געקיניגט איבער
ישׂראל אין שׁומרון צװײ און צװאַנציק יאָר.
30און אַחאָב דער זון פֿון עָמרין האָט געטאָן װאָס איז
שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט, מער פֿון אַלע װאָס פֿאַר אים.
31און װינציק זײַן גײן אין די זינד פֿון יָרָבעָם דעם זון פֿון נבָטן,

האָט ער נאָך גענומען פֿאַר אַ װײַב איזֶבל די טאָכטער פֿון
אֶתבַּעַל דעם מלך פֿון די צידונים, און איז געגאַנגען און האָט
געדינט בַּעַל, און זיך געבוקט צו אים. 32 און ער האָט אױפֿ־
געשטעלט אַ מזבח צו בַּעַל, אין דעם הױז פֿון בַּעַל װאָס ער האָט
געבױט אין שומרון. 33 און אַחאָב האָט געמאַכט די אַשֵרָה; און
אַחאָב האָט געטאָן מער צו דערצערענען יהוה דעם גאָט פֿון
ישׂראל, װי אַלע מלכים פֿון ישׂראל װאָס זײַנען געװען פֿאַר
אים.
34 אין זײַנע טעג האָט חיאֵל פֿון בֵּית־אֵל אָפּגעבױט יריחו.
מיט [דעם לעבן פֿון] אֲבִירָם זײַן בְּכור האָט ער געלײגט איר
גרונטפֿעסט, און מיט שׂגוב זײַן אינגסטן האָט ער אַרײַנגעשטעלט
אירע טירן, אַזױ װי דאָס װאָרט פֿון גאָט װאָס ער האָט גערעדט
דורך יהושעַ דעם זון פֿון נון[a].

יז 1 און אֵלִיָהו דער תִּשבּי, פֿון די װאָס האָבן זיך באַזעצט אין
גִלעָד, האָט געזאָגט צו אַחאָבן: אַזױ װי עס לעבט יהוה דער
גאָט פֿון ישׂראל װאָס איך שטײ פֿאַר אים, אױב אין די דאָזיקע
יאָרן װעט זײַן טױ און רעגן, סײַדן לױט מײַן װאָרט!
2 און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו אים, אַזױ צו זאָגן:
3 גײ פֿון דאַנען, און זאָלסט זיך פֿאַרקערן קײן מזרח, און זיך
באַהאַלטן בײַ דעם באַך כּרית װאָס פֿאַרן יַרדן. 4 און עס װעט
זײַן: פֿון דעם באַך װעסטו טרינקען, און די ראָבן האָב איך
באַפֿױלן דיך דאָרטן צו שפּײַזן.
5 איז ער געגאַנגען און האָט געטאָן אַזױ װי דאָס װאָרט פֿון
גאָט; און ער איז אַװעק און האָט זיך געזעצט בײַם באַך כּרית
װאָס פֿאַרן יַרדן. 6 און די ראָבן פֿלעגן אים ברענגען ברױט
און פֿלײש אין דער פֿרי, און ברױט און פֿלײש אין אָװנט; און
פֿון באַך פֿלעגט ער טרינקען.

[a] זע יהושע ו, 25.

7און עס איז געווען נאָך אַ פאַרלויף פון טעג, איז דער באַך
אויסגעטריקנט געוואָרן, ווייל עס איז ניט געווען קיין רעגן אין
לאַנד. 8איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו אים, אַזוי צו זאָגן:
9שטיי אויף, גיי קיין צָרְפַת וואָס געהערט צו צידון, און וואָלסט
דאָרטן זיצן; זע, איך האָב דאָרטן באַפוילן אַ פרוי אַן אַלמנה
דיך צו שפייזן.
10איז ער אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען קיין צָרְפַת. און
ווי ער איז געקומען אין אײַנגאַנג פון שטאָט, ערשט אַ פרוי אַן
אַלמנה קלייבט דאָרטן האָלץ. האָט ער גערופן צו איר און
האָט געזאָגט: ברענג מיר, איך בעט דיך, אַ ביסל וואַסער אין אַ
כלי, כּדי איך זאָל טרינקען. 11און ווי זי איז געגאַנגען ברענגען,
אַזוי האָט ער איר נאָכגערופן און געזאָגט: ברענג מיר, איך בעט
דיך, אַ שטיקל ברויט אין דיין האַנט. 12האָט זי געזאָגט: אַזוי
ווי עס לעבט יהוה דיין גאָט, אויב איך האָב אַ קוכן, נאָר בלויז
אַ האַנטפול מעל אין טאָפּ, און אַ ביסל אייל אין קרוג! און אָט
קלייב איך צוויי אַ פאָר העלצלאַך, און איך וועל גיין און וועל
עס מאַכן פאַר מיר און מיין זון, און מיר וועלן עס אויפעסן;
דערנאָך וועלן מיר שטאַרבן.
13האָט אֵלִיָהו צו איר געזאָגט: זאָלסט ניט מורא האָבן; גיי
טו אַזוי ווי דיין וואָרט, נאָר מאַך מיר דערפון אַ קליינעם קוכן
צוערשט, און ברענג מיר אַרויס; און פאַר דיר און פאַר דיין זון
וועסטו מאַכן צולעצט. 14וואָרום אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער
גאָט פון ישׂראל: דער טאָפּ מעל וועט ניט אויסגיין, און דער
קרוג אייל וועט ניט געמינערט ווערן, ביז דעם טאָג וואָס גאָט
גיט רעגן אויפן געזיכט פון דער ערד.
15איז זי געגאַנגען און האָט געטאָן אַזוי ווי דאָס וואָרט פון
אֵלִיָהון, און זי און ער און איר הויזגעזינט האָבן געהאַט צו עסן
פיל טעג. 16דער טאָפּ מעל איז ניט אויסגעגאַנגען, און דער

קרוג אייל איז ניט געמינערט געוואָרן, אַזוי ווי דאָס וואָרט פֿון
גאָט וואָס ער האָט גערעדט דורך אֵלִיָהוּן.
17 און עס איז געווען נאָך די דאָזיקע געשעענישן, איז קראַנק
געוואָרן דער זון פֿון דער פֿרוי, דער באַלעבאָסטע פֿון הויז,
און זיין קראַנקשאַפֿט איז געווען זייער שטאַרק, ביז אין אים איז
מער אָן אָטעם ניט געבליבן. 18 האָט זי געזאָגט צו אֵלִיָהוּן: וואָס
האָסטו צו מיר, דו געטלעכער מאַן? ביסטו געקומען צו מיר צו
דערמאָנען מיינע זינד, און צו טייטן מיין זון?
19 האָט ער צו איר געזאָגט: גיב מיר דיין זון. און ער האָט
אים גענומען פֿון איר בוזעם, און האָט אים אַרויפֿגעטראָגן אין
דער אויבערשטוב וואָס ער האָט דאָרטן געוווינט, און האָט
אים אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט. 20 און ער האָט גערופֿן צו
גאָט און האָט געזאָגט: יהוה מיין גאָט, צי אויך דער אַלמנה וואָס
איך האַלט זיך אויף ביי איר, האָסטו בייז געטאָן, צו טייטן איר
זון?
21 און ער האָט זיך אויסגעצויגן איבער דעם קינד דריי מאָל,
און האָט גערופֿן צו גאָט און האָט געזאָגט: יהוה מיין גאָט, זאָל,
איך בעט דיך, די זעל פֿון דעם דאָזיקן קינד זיך אומקערן אין
אים.
22 און גאָט האָט צוגעהערט צו דעם קול פֿון אֵלִיָהוּן, און די
זעל פֿון דעם קינד האָט זיך אומגעקערט אין אים, און ער האָט
אויפֿגעלעבט. 23 און אֵלִיָהוּ האָט גענומען דאָס קינד, און האָט
עס אַראָפּגעטראָגן פֿון דער אויבערשטוב אין הויז, און האָט עס
געגעבן צו זיין מוטער; און אֵלִיָהוּ האָט געזאָגט: זע, דיין זון
לעבט. 24 האָט די פֿרוי געזאָגט צו אֵלִיָהוּן: אַצונד אָט ווייס
איך אַז דו ביסט אַ געטלעכער מאַן, און דאָס וואָרט פֿון גאָט
אין דיין מויל איז אמת.

יח 1און עס איז געווען נאָך פֿיל טעג, איז דאָס וואָרט פֿון גאָט
געווען צו אֵליָהון–אויפֿן דריטן יאָר–אַזוי צו זאָגן: גײ ווײַז
זיך פֿאַר אַחאָבֿן, און איך וועל געבן רעגן אויפֿן געזיכט פֿון דער
ערד.
2איז אֵליָהו געגאַנגען זיך ווײַזן פֿאַר אַחאָבֿן.
און דער הונגער איז געווען שטאַרק אין שומרון. 3און
אַחאָב האָט גערופֿן עובֿדיָהון וואָס איבערן פּאַלאַץ–און
עובֿדיָהו האָט זייער געפֿאָרכט יהוה; 4און עס איז געווען, אַז
איזֶבֿל האָט פֿאַרשניטן די נביאים פֿון יהוה, האָט עובֿדיָהו
גענומען הונדערט נביאים, און האָט זיי באַהאַלטן צו פֿופֿציק
מאַן אין אַ הייל, און האָט זיי אויסגעהאַלטן מיט ברויט און מיט
וואַסער–5און אַחאָב האָט געזאָגט צו עובֿדיָהון: גײ דורכן לאַנד
בײַ אַלע קוואַלן וואַסער און בײַ אַלע טײַכן; אפֿשר וועלן מיר
געפֿינען גראָז, און מיר וועלן דערהאַלטן בײַם לעבן די פֿערד
און די מויליאײזלען, אַז מיר זאָלן ניט אָנווערן די בהמות.
6האָבן זיי זיך צעטיילט דאָס לאַנד, כּדי דורכצוגײן דורך
דעם: אַחאָב איז געגאַנגען אַליין אין איין וועג, און עובֿדיָהו איז
געגאַנגען אַליין אין אַן אַנדער וועג.
7און ווי עובֿדיָהו איז געווען אין וועג, ערשט אֵליָהו קומט
אים אַנטקעגן. האָט ער אים דערקענט, און ער איז געפֿאַלן
אויף זײַן פּנים, און האָט געזאָגט: ביסט דו דאָס, מײַן האַר אֵליָהו?
8האָט ער צו אים געזאָגט: איך; גײ זאָג דײַן האַר: אָט איז אֵליָהו.
9האָט ער געזאָגט: וואָס האָב איך געזינדיקט, אַז דו ווילסט געבן
דײַן קנעכט אין אַחאָבֿס האַנט, מיך צו טייטן? 10אַזוי ווי עס לעבט
יהוה דײַן גאָט, אויב עס איז דאָ אַ פֿאָלק אָדער אַ קיניגרײַך,
וואָס מײַן האַר האָט ניט געשיקט אַהין דיך זוכן! און אַז זיי האָבן
געזאָגט: ניטאָ, האָט ער געמאַכט שווערן דאָס פֿאָלק און דאָס
קיניגרײַך, אַז מע האָט דיך ניט געפֿונען. 11און אַצונד זאָגסטו:

גיי זאָג דײַן האַר: אָן איז אֵלִיָהו. [12]און עס וועט זײַן, ווי איך
וועל אַוועקגיין פֿון דיר, אַזוי וועט דער גײַסט פֿון גאָט דיך
פֿאַרטראָגן, איך ווײס ניט וווהין, און אַז איך וועל קומען אָנזאָגן
אַחְאָבן, און ער וועט דיך ניט געפֿינען, וועט ער מיך הרגענען;
און דײַן קנעכט פֿאָרכט יהוה פֿון מײַן יוגנט אָן. [13]איז ניט דער־
ציילט געוואָרן צו מײַן האַר וואָס איך האָב געטאָן, ווען איזֶבל
האָט אויסגעהרגעט די נביאים פֿון יהוה, ווי איך האָב באַהאַלטן
הונדערט מאַן פֿון די נביאים צו פֿופֿציק מאַן אין אַ הייל, און
האָב זיי אויסגעהאַלטן מיט ברויט און מיט וואַסער? [14]און אַצונד
זאָגסטו: גיי זאָג דײַן האַר: אָן איז אֵלִיָהו; און ער וועט מיך הרגענען.
[15]האָט אֵלִיָהו געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט גאָט פֿון צבָאוֹת
וואָס איך שטיי פֿאַר אים, אַז הײַנט וועל איך זיך ווײַזן פֿאַר אים!
[16]איז עוֹבַדְיָהו געגאַנגען אַנטקעגן אַחְאָבן, און האָט אים
דערציילט; און אַחְאָב איז געגאַנגען אַנטקעגן אֵלִיָהון. [17]און
עס איז געווען, ווי אַחְאָב האָט דערזען אֵלִיָהון, אַזוי האָט אַחְאָב
צו אים געזאָגט: ביסט דו דאָס, פֿאַראומגליקער פֿון ישׂראל?
[18]האָט ער געזאָגט: ניט איך האָב פֿאַראומגליקט ישׂראל, נאָר
דו און דײַן פֿאָטערס הויז, מיט וואָס איר האָט פֿאַרלאָזן די
געבאָט פֿון יהוה, און ביסט געגאַנגען נאָך די בַּעַל־געטער. [19]און
אַצונד, שיק זאַמל אײַן צו מיר גאַנץ ישׂראל אויפֿן באַרג כַּרְמֶל,
און די פֿיר הונדערט און פֿופֿציק נביאים פֿון בַּעַל, און די פֿיר
הונדערט נביאים פֿון דער אֲשֵׁרָה, וואָס עסן בײַם טיש פֿון
איזֶבֶלען.

[20]האָט אַחְאָב געשיקט צווישן אַלע קינדער פֿון ישׂראל,
און האָט אײַנגעזאַמלט די נביאים אויפֿן באַרג כַּרְמֶל. [21]און
אֵלִיָהו האָט גענענט צום גאַנצן פֿאָלק, און האָט געזאָגט: ביז
וואַנען וועט איר אומשפּרינגען אויף צוויי צווייגן? אויב יהוה
איז גאָט, גייט נאָך אים, און אויב בַּעַל, גייט נאָך אים.

און דאָס פאָלק האָט אים אַ וואָרט ניט געענטפערט.
[22]האָט אֵלִיָהו געזאָגט צום פאָלק: איך אַליין בין געבליבן
אַ נביא צו יהוה, און די נביאים פון בַּעַל זיינען פיר הונדערט
און פופציק מאַן. [23]טאָ זאָל מען אונדז געבן צוויי אָקסן; און
זאָלן זיי זיך אויסקלייבן איין אָקס, און אים צעשניידן און אַרויפ־
לייגן אויפן האָלץ, און פייער זאָלן זיי ניט אונטערלייגן. און
איך וועל מאַכן דעם אַנדער אָקס, און אַרויפטאָן אויפן האָלץ,
און פייער וועל איך ניט אונטערלייגן. [24]און איר וועט רופן
צו דעם נאָמען פון אײַער גאָט, און איך וועל רופן צו דעם נאָמען
פון יהוה; און עס וועט זיין, דער גאָט וואָס וועט ענטפערן מיט
פייער, ער איז גאָט.
האָט זיך אָפגערופן דאָס גאַנצע פאָלק און האָט געזאָגט:
ווויל גערעדט!
[25]האָט אֵלִיָהו געזאָגט צו די נביאים פון בַּעַל: קלייבט אײַך
אויס איין אָקס, און מאַכט אים צוערשט, וואָרום איר זייט די
פיל; און רופט צו דעם נאָמען פון אײַער גאָט, און פייער זאָלט
איר ניט אונטערלייגן.
[26]האָבן זיי גענומען דעם אָקס וואָס מע האָט זיי געגעבן,
און זיי האָבן אים געמאַכט, און האָבן גערופן צו דעם נאָמען
פון בַּעַל, פון פרימאָרגן ביזן מיטן טאָג, אַזוי צו זאָגן: בַּעַל,
ענטפער אונדז! אָבער קיין קָול און קיין ענטפער. און זיי האָבן
געהונקען אַרום דעם מזבח וואָס מע האָט געמאַכט. [27]און עס
איז געווען אין מיטן טאָג, האָט אֵלִיָהו געשפעט פון זיי, און ער
האָט געזאָגט: רופט אויף אַ הויכן קָול, וואָרום ער איז אַ גאָט;
ער האָט זיך מסתם פאַררעדט, אָדער ער איז אַוועק אָן אַ זייט,
אָדער ער איז אין וועג; אפשר שלאָפט ער, און וועט זיך אויפ־
כאַפּן.
[28]און זיי האָבן גערופן אויף אַ הויכן קָול, און האָבן זיך

אײנגעשניטן, אַזױ װי זײער שטײגער, מיט שװערדן און מיט
שפּיזן, ביז בלוט האָט זיך געגאָסן אױף זײ. [29]און עס איז געװען,
אַז דער מיטן טאָג איז אַריבער, האָבן זײ נביאות געזאָגט ביז
װען מע ברענגט אױף דעם אָװנט־קָרבן, אָבער קײן קָול און
קײן ענטפער און קײן הערונג.

[30]האָט אֵלִיָהו געזאָגט צום גאַנצן פאָלק: גענענט צו מיר.
האָט דאָס גאַנצע פאָלק גענענט צו אים, און ער האָט פאַרריכט
דעם צעשטערטן מזבח פון יהוה. [31]און אֵלִיָהו האָט גענומען
צװעלף שטײנער אַזױ װי די צאָל פון די שבטים פון די קינדער
פון יעקב, װאָס דאָס װאָרט פון גאָט איז געװען צו אים, אַזױ צו
זאָגן: ישׂראל זאָל זײַן דײַן נאָמען*. [32]און ער האָט אױפגעבױט
פון די שטײנער אַ מזבח צו דעם נאָמען פון יהוה, און האָט
געמאַכט אַ גראָבן, גרױס װי פאַר צװײ סְאָה זריעה, רונד אַרום
מזבח. [33]און ער האָט אױסגעלײגט דאָס האָלץ, און צעשניטן
דעם אָקס, און אַרױפגעטאָן אױפן האָלץ. [34]און ער האָט
געזאָגט: פילט אָן פיר קריג מיט װאַסער, און גיסט אַרױף אױף
דעם בראַנדאָפּפער און אױפן האָלץ. און ער האָט געזאָגט:
טוט עס אַ צװײט מאָל; און זײ האָבן עס געטאָן אַ צװײט מאָל.
האָט ער געזאָגט: טוט עס אַ דריט מאָל; און זײ האָבן עס געטאָן
אַ דריט מאָל. [35]און דאָס װאַסער איז געגאַנגען רונד אַרום
מזבח; און אױך דעם גראָבן האָט ער אָנגעפילט מיט װאַסער.

[36]און עס איז געװען װען מע ברענגט אױף דעם אָװנט־קָרבן,
האָט אֵלִיָהו הַנָבִיא גענענט און האָט געזאָגט: יהוה דו גאָט פון
אַברהם, יצחק, און ישׂראל, זאָל הײַנט באַװוּסט װערן אַז דו
ביסט גאָט אין ישׂראל, און איך בין דײַן קנעכט, און דורך דײַן
װאָרט האָב איך געטאָן אַלע דידאָזיקע זאַכן. [37]ענטפער מיר,
יהוה, ענטפער מיר, און זאָל דאָסדאָזיקע פאָלק װיסן אַז דו
יהוה ביסט גאָט; אַזױסט קערסטו אָפּ זײער האַרץ אַהינטער.

*זע בראשית לב, 29.

[38]איז אַראָפּגעפאַלן אַ פייער פון גאָט, און האָט פאַרצערט
דאָס בראַנדאָפּפער, און דאָס האָלץ, און די שטיינער, און די
ערד; אַפילו דאָס וואַסער וואָס אין גראָבן האָט עס אויס־
געלעקט. [39]און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזען, און זיי זיינען
געפאַלן אויף זייער פנים, און האָבן געזאָגט: יהוה, ער איז גאָט!
יהוה, ער איז גאָט!
[40]האָט אֵלִיָהו צו זיי געזאָגט: כאַפּט די נביאים פון בַּעַל;
קיינער זאָל ניט אַנטרונען ווערן פון זיי.
האָבן זיי זיי געכאַפּט, און אֵלִיָהו האָט זיי געמאַכט נידערן
צום טייך קישון, און האָט זיי דאָרטן געשאָכטן.
[41]און אֵלִיָהו האָט געזאָגט צו אַחאָבן: גיי אַרויף, עס און
טרינק, וואָרום עס איז אַ געריוש פון אַ סך רעגן.
[42]איז אַחאָב אַרויפגעגאַנגען עסן און טרינקען. און אֵלִיָהו
איז אַרויפגעגאַנגען אויפן שפּיץ כַּרמֶל, און האָט זיך איינגעבויגן
צו דער ערד, און אַריינגעטאָן זיין פנים צווישן זיינע קני. [43]און
ער האָט געזאָגט צו זיין יונג: גיי אַקאָרשט אַרויף, טו אַ קוק קעגן
יַם.
איז ער אַרויפגעגאַנגען און האָט געקוקט, און ער האָט
געזאָגט: ניטאָ גאָרנישט.
האָט ער געזאָגט: „גיי ווידער", זיבן מאָל. [44]און עס איז
געווען אויפן זיבעטן מאָל, האָט ער געזאָגט: זע, אַ קליין
וואָלקנדל אַזוי ווי די האַנט פון אַ מענטשן גייט אויף פון יַם.
האָט ער געזאָגט: גיי אַרויף, זאָג צו אַחאָבן: שפּאַן איין און נידער
אַראָפּ, כדי דער רעגן זאָל דיך ניט פאַרהאַלטן.
[45]און עס איז געווען, איידער וואָס ווען איז דער הימל
שוואַרץ געוואָרן פון וואָלקנס און געוויטער, און עס איז געוואָרן
אַ גרויסער רעגן. און אַחאָב האָט זיך אַרויפגעזעצט, און איז
אַוועק קיין יִזרְעֶאל.

46און די האַנט פון גאָט איז געווען אויף אֵלִיָהון, און ער
האָט אָנגעגורט זיינע לענדן, און איז געלאָפן פאַרויס פאַר
אַחְאָבן ביז ווו דו קומסט קיין יִזְרְעֶאל.

יט 1און אַחְאָב האָט דערציילט איזֶבלען אַלץ וואָס אֵלִיָהו האָט
געטאָן, און אַלצדינג ווי אַזוי ער האָט געהרגעט אַלע נביאים
מיטן שווערד. 2האָט איזֶבל געשיקט אַ שליח צו אֵלִיָהון, אַזוי
צו זאָגן: זאָלן די געטער טאָן אַזוי און נאָך מער, אויב איך וועל
מאָרגן אין דער צייט ניט מאַכן דיין לעבן אַזוי ווי דאָס לעבן
פון איינעם פון זיי!
3און ווי ער האָט דאָס געזען, אַזוי איז ער אויפגעשטאַנען
און איז אַוועק אום זיין לעבן, און איז געקומען קיין באֵר־שֶבַע
וואָס געהערט צו יהודה, און ער האָט דאָרטן איבערגעלאָזט
זיין יונג. 4און ער אַליין איז געגאַנגען אין מדבר אַ טאָג וועגס,
און איז געקומען און האָט זיך געזעצט אונטער אַ בעזעמבוימל,
און ער האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט, און האָט געזאָגט:
גענוג! אַצונד, גאָט, נעם צו מיין זעל, וואָרום איך בין ניט בעסער
פון מיינע עלטערן.
5און ער האָט זיך געלייגט און איז איינגעשלאָפן אונטער
אַ בעזעמבוימל. ערשט אַ מלאַך רירט אים אָן, און זאָגט צו
אים: שטיי אויף, עס. 6האָט ער זיך אומגעקוקט, ערשט אים
צוקאָפּנס איז אַ קוכן געבאַקן אויף אָנגעברענטע שטיינער, און
אַ קרוג וואַסער. האָט ער געגעסן און געטרונקען, און האָט
זיך ווידער געלייגט.
7און דער מלאַך פון גאָט איז געקומען אַ צווייט מאָל, און
האָט אים אָנגערירט, און געזאָגט: שטיי אויף, עס, וואָרום דער
וועג איז צו ווייט פאַר דיר.
8איז ער אויפגעשטאַנען, און האָט געגעסן און געטרונקען,

און איז געגאַנגען מיט דעם כּוח פון דעמדאָזיקן עסן פערציק
טעג און פערציק נעכט, ביז דעם באַרג פון גאָט, חורב. [9]און
ער איז דאָרטן אַריינגעגאַנגען אין דער הייל, און האָט דאָרטן
גענעכטיקט. ערשט דאָס וואָרט פון גאָט איז צו אים, און ער
האָט צו אים געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ אֵליָהו?
[10]האָט ער געזאָגט:
אָננעמען האָב איך זיך אָנגענומען
פון וועגן יהוה דעם גאָט פון צבָאות;
ווייל פאַרלאָזן דיין בונד האָבן די קינדער פון ישׂראל,
דיינע מזבחות האָבן זיי צעשטערט,
און דיינע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מיין לעבן צו נעמען.
[11]האָט ער געזאָגט: גיי אַרויס, און זאָלסט זיך שטעלן אויפן
באַרג פאַר גאָט.
ערשט גאָט גייט פאַרביי, און אַ גרויסער און שטאַרקער
שטורעם רייסט בערג און ברעכט פעלזן פאַר גאָט—ניט אין
שטורעם איז געווען גאָט; און נאָך דעם שטורעם אַן ערד־
ציטערניש—ניט אין דער ערדציטערניש איז געווען גאָט; [12]און
נאָך דער ערדציטערניש אַ פייער—ניט אין פייער איז געווען
גאָט; און נאָך דעם פייער אַ קָול פון אַ דינער שטילקייט.
[13]און עס איז געווען, ווי אֵליָהו האָט דאָס דערהערט, אַזוי
האָט ער איינגעוויקלט זיין פּנים אין זיין מאַנטל, און ער
איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט זיך געשטעלט אין איינגאַנג פון
דער הייל.
ערשט אַ קָול איז געקומען צו אים, און האָט געזאָגט: וואָס
טוסטו דאָ, אֵליָהו?
[14]האָט ער געזאָגט:

אָננעמען האָב איך זיך אָנגענומען
פון וועגן יהוה דעם גאָט פון צבָאוֹת;
ווייל פאַרלאָזן דײַן בונד האָבן די קינדער פון ישׂראל,
דײַנע מזבחות האָבן זיי צעשטערט,
און דײַנע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מײַן לעבן צו נעמען.

15 האָט גאָט צו אים געזאָגט: קער זיך אום אויף דײַן וועג
צום מדבר פון דַמֶשֶׂק, און זאָלסט קומען און זאַלבן חֲזָאֵלן פאַר
אַ מלך איבער אֲרָם. 16 און יֵהוא דעם זון פון נִמשין זאָלסטו
זאַלבן פאַר אַ מלך איבער ישׂראל, און אֶלִישָעֹ דעם זון פון
שָפָטן, פון אָבֵל־מחוֹלָה, זאָלסטו זאַלבן פאַר אַ נביא אויף דײַן
אָרט. 17 און עס וועט זײַן, דעם וואָס וועט אַנטרונען פון
חֲזָאֵלס שווערד, וועט טייטן יֵהוא, און דעם וואָס וועט
אַנטרונען פון יֵהואס שווערד, וועט טייטן אֶלִישָעֹ. 18 אָבער
איך וועל איבערלאָזן אין ישׂראל זיבן טויזנט—אַלע קני וואָס
האָבן ניט געקניט צו בַעַל, און יעטוועדער מויל וואָס האָט אים
ניט געקושט.

19 איז ער אַוועקגעגאַנגען פון דאָרטן, און האָט געטראָפן
אֶלִישָעֹ דעם זון פון שָפָטן ווי ער אַקערט מיט צוועלף געשפּאַנען
פאַר אים, און ער בײַם צוועלפטן. איז אֵלִיָהו אַריבערגעגאַנגען
צו אים, און האָט אַרויפגעוואָרפן זײַן מאַנטל אויף אים. 20 האָט
ער איבערגעלאָזן די רינדער, און איז געלאָפן נאָך אֵלִיָהון, און
האָט געזאָגט: לאָמיך, איך בעט דיך, קושן מײַן פאָטער און
מײַן מוטער, און איך וועל גיין נאָך דיר. האָט ער צו אים
געזאָגט: גיי קער זיך אום, וואָרום וואָס האָב איך דיר געטאָן?
21 האָט ער זיך אומגעקערט פון הינטער אים, און ער האָט
גענומען דאָס געשפּאַן רינדער, און האָט עס געשאָכטן, און מיט

די שפּאַנצייג פון די רינדער האָט ער אָפּגעקאָכט זייער פלייש;
און ער האָט געגעבן די מענטשן, און זיי האָבן געגעסן. און
ער איז אויפגעשטאַנען, און איז געגאַנגען נאָך אֵלִיָהון, און האָט
אים באַדינט.

כ 1און בֶּן־הֲדַד דער מלך פון אֲרָם האָט אײַנגעזאַמלט זײַן
גאַנצן חיל; און צוויי און דרײַסיק מלכים זײַנען געווען מיט
אים, און פערד און רײַטוועגן. און ער איז אַרויפגעגאַנגען און
האָט געלעגערט אויף שוֹמרוֹן, און מלחמה געהאַלטן אויף איר.
2און ער האָט געשיקט שלוחים צו אַחְאָב דעם מלך פון ישׂראל,
אין שטאָט, 3און אים געלאָזט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט בֶּן־הֲדַד:
דײַן זילבער און דײַן גאָלד איז מײַנס, און דײַנע ווײַבער און
דײַנע שענסטע קינדער זײַנען מײַנע.
4האָט געענטפערט דער מלך פון ישׂראל און האָט געזאָגט:
אַזוי ווי דײַן וואָרט, מײַן האַר מלך; דײַנער בין איך, און אַלץ
וואָס איך האָב.
5זײַנען ווידער געקומען די שלוחים, און האָבן געזאָגט: אַזוי
האָט געזאָגט בֶּן־הֲדַד, אַזוי צו זאָגן: פאַרוואָר, איך האָב דיר
געשיקט זאָגן: דײַן זילבער און דײַן גאָלד, און דײַנע ווײַבער
און דײַנע קינדער זאָלסטו מיר געבן. 6וואָרום אַז מאָרגן אין
דער צײַט וועל איך שיקן צו דיר מײַנע קנעכט, וועלן זיי דורכ־
זוכן דײַן הויז, און די הײַזער פון דײַנע קנעכט; און עס וועט
זײַן, וווּ נאָר אַ גלוסטיקייט פון דײַנע אויגן וועלן זיי אַרײַנטאָן
אין זייער האַנט און אַוועקנעמען.
7האָט דער מלך פון ישׂראל גערופן אַלע עלטסטע פון
לאַנד, און האָט צו זיי געזאָגט: מערקט אַקאָרשט און זעט, אַז
ביז זוכט דערדאָזיקער. וואָרום ער האָט געשיקט צו מיר
אום מײַנע ווײַבער און אום מײַנע קינדער, און אום מײַן זילבער

און אום מיין גאָלד, און איך האָב ניט פאַרמיטן פון אים. 8האָבן
צו אים געזאָגט אַלע עלטסטע און דאָס גאַנצע פאָלק: זאָלסט
ניט צוהערן און ניט אײַנווילִיקן.
9האָט ער געזאָגט צו די שלוחים פון בֶּן־הֲדַד: זאָגט צו מיין
האַר דעם מלך: אַלץ אום וואָס דו האָסט געשיקט צו דיין קנעכט
צוערשט וועל איך טאָן, אָבער דידאָזיקע זאַך קען איך ניט
טאָן.
זיינען געגאַנגען די שלוחים, און האָבן אים געבראַכט אָן
ענטפער.
10האָט בֶּן־הֲדַד געשיקט צו אים, און געזאָגט: זאָלן די געטער
מיר טאָן אַזוי און נאָך מער, אויב דער שטויב פון שומרון וועט
קלעקן פאַר אַ הויפן דעם גאַנצן פאָלק וואָס הינטער מיר!
11האָט געענטפערט דער מלך פון ישׂראל און האָט געזאָגט:
זאָגט [אים]: זאָל דער וואָס גורט זיך ערשט אָן, זיך ניט רימען
ווי דער וואָס בינדט זיך שוין אָפּ.
12און עס איז געווען, ווי [בֶּן־הֲדַד] האָט געהערט דעמדאָזיקן
ענטפער, בעת ער האָט געטרונקען, ער און די מלכים, אין די
ביידלאַך, אַזוי האָט ער געזאָגט צו זיינע קנעכט: שטעלט אויס!
און זיי האָבן אויסגעשטעלט אַקעגן דער שטאָט.
13ערשט איינער אַ נביא האָט גענענט צו אַחְאָב דעם מלך
פון ישׂראל, און האָט געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זעסט דעם
גאַנצן דאָזיקן גרויסן המון? אָט גיב איך אים היינט אין דיין האַנט,
און וועסט וויסן אַז איך בין יהוה. 14האָט אַחְאָב געזאָגט: דורך
וועמען? האָט ער געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דורך די יונגען
פון די לאַנדפירשטן. האָט ער געפרעגט: ווער זאָל אָנקניפּן
די מלחמה? האָט ער געזאָגט: דו.
15האָט ער איבערגעציילט די יונגען פון די לאַנדפירשטן,
און זיי זיינען געווען צוויי הונדערט און צוויי און דרייסיק. און

נאָך ווי האָט ער איבערגעציילט דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע
קינדער פון ישׂראל—זיבן טויזנט.
16זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען אין מיטן טאָג, בעת בֶּן־הֲדַד האָט
זיך שיכּור געטרונקען אין די ביידלאַך, ער און די מלכים—די
צוויי און דרײַסיק מלכים וואָס האָבן אים געהאָלפן. 17און די
יונגען פון די לאַנדפירשטן זיינען אַרויסגעגאַנגען צוערשט; און
בֶּן־הֲדַד האָט געשיקט, און מע האָט אים אָנגעזאָגט, אַזוי צו זאָגן:
מענטשן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שומרון. 18האָט ער
געזאָגט: סיי זיי זיינען פאַר שלום אַרויסגעגאַנגען, כאַפּט זיי
לעבעדיקערהייט, און סיי זיי זיינען פאַר מלחמה אַרויסגעגאַנגען,
לעבעדיקערהייט כאַפּט זיי.
19און די זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שטאָט—די יונגען פון די
לאַנדפירשטן, און דער חיל וואָס הינטער זיי. 20און זיי האָבן
געשלאָגן איטלעכער זיין מאַן, און די אֲרַמים זיינען אַנטלאָפן,
און ישׂראל האָט זיי נאָכגעיאָגט. און בֶּן־הֲדַד דער מלך פון
אֲרָם איז אַנטרונען געוואָרן אויף אַ פערד מיט רײַטער.
21און דער מלך פון ישׂראל איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט
געשלאָגן די פערד און די רײַטוועגן, און געשלאָגן צווישן אֲרָם
אַ גרויסן שלאַק.
22און דער נביא האָט גענענט צו דעם מלך פון ישׂראל, און
האָט צו אים געזאָגט: גיי פאַרשטאַרק זיך, און מערק און זע וואָס
דו זאָלסט טאָן, וואָרום צום אומקער פון יאָר קומט דער מלך
פון אֲרָם אַרויף אויף דיר.
23און די קנעכט פון דעם מלך פון אֲרָם האָבן צו אים
געזאָגט: אַ גאָט פון בערג איז זייער גאָט, דרום זיינען זיי געווען
שטאַרקער פון אונדז; לאָמיר אָבער מלחמה האַלטן מיט זיי
אויף אַ גלייכן פּלאַץ, אויב מיר וועלן ניט זיין שטאַרקער פון
זיי! 24און דידאָזיקע זאַך טו; טו אָפּ די מלכים איטלעכן פון זיין

אָרט, און מאַך אָנפירער אָנשטאָט זיי. 25און דו זאָלסטן דיר
צונויפצײלן אַ חיל אַזוי ווי דער חיל וואָס איז בײַ דיר געפאַלן,
און פערד אַזוי ווי די פערד, און רײַטוועגן אַזוי ווי די רײַטוועגן;
און לאָמיר מלחמה האַלטן מיט זיי אויף אַ גלײַכן פּלאַץ, אויב
מיר וועלן ניט זײַן שטאַרקער פון זיי! האָט ער צוגעהערט צו
זייער קול, און האָט אַזוי געטאָן.
26און עס איז געווען צום אומקער פון יאָר, האָט בֶּן־הֲדַד
איבערגעציילט די אֲרַמים, און ער איז אַרויפגעגאַנגען קיין אֲפֵק
אויף מלחמה מיט ישׂראל.
27און די קינדער פון ישׂראל זײַנען איבערגעציילט געוואָרן,
און פאַרזאָרגט געוואָרן מיט שפּײַז, און זײַנען אַרויסגעגאַנגען
אַקעגן זיי. און די קינדער פון ישׂראל האָבן געלאַגערט אַקעגן
זיי, אַזוי ווי צווי קליינע סטאַדעס ציגן. און די אֲרַמים האָבן
אָנגעפילט דאָס לאַנד.
28האָט דער געטלעכער מאַן גענענט, און האָט גערעדט צו
דעם מלך פון ישׂראל און געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: ווײַל
די אֲרַמים האָבן געזאָגט: אַ גאָט פון בערג איז יהוה, און ניט אַ
גאָט פון טאָלן איז ער, דרום וועל איך געבן דעם גאַנצן דאָזיקן
גרויסן המון אין דײַן האַנט, און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
29און זיי האָבן געלאַגערט איינע אַקעגן די אַנדערע זיבן
טעג. און עס איז געווען אויפן זיבעטן טאָג, האָט גענענט די
מלחמה, און די קינדער פון ישׂראל האָבן געשלאָגן פון אֲרָם
הונדערט טויזנט פוסגייער אין איין טאָג. 30און די איבעריקע
זײַנען אַנטלאָפן קיין אֲפֵק, אין שטאָט; איז די מויער אײַנ־
געפאַלן אויף זיבן און צוואַנציק טויזנט מאַן וואָס זײַנען איבער־
געבליבן. און בֶּן־הֲדַד איז אַנטלאָפן און איז אַרײַן אין שטאָט,
אין אַ קאַמער הינטער אַ קאַמער.
31האָבן זײַנע קנעכט צו אים געזאָגט: זע נאָר, מיר האָבן

געהערט אַז די מלכים פון דעם הויז פון ישראל זיינען גענאָדיקע
מלכים; לאָמיר, איך בעט דיך, אָנטאָן זאַקקליידער אויף
אונדזערע לענדן, און שטריק אויף אונדזער קאָפּ, און לאָמיר
אַרויסגיין צו דעם מלך פון ישראל, אפשר וועט ער דיך לאָזן
לעבן.

32 האָבן זיי אָנגעגורט זאַקקליידער אויף זייערע לענדן,
און שטריק אויף זייערע קעפּ, און זיי זיינען געקומען צו דעם
מלך פון ישראל, און האָבן געזאָגט: דיין קנעכט בֶּן־הֲדַד האָט
געזאָגט: לאָמיך לעבן, איך בעט דיך. האָט ער געזאָגט:
לעבט ער נאָך? ער איז מיין ברודער.

33 און די מענטשן האָבן עס גענומען פאַר אַ צייכן, און זיי
האָבן זיך געאיילט און באַוואָרנט אויב ער מיינט עס, און האָבן
געזאָגט: דיין ברודער בֶּן־הֲדַד. האָט ער געזאָגט: גייט ברענגט
אים.

איז אַרויסגעקומען צו אים בֶּן־הֲדַד, און ער האָט אים
אַרויפגענומען אויפן רייטוואָגן. 34 און [בֶּן־הֲדַד] האָט צו אים
געזאָגט: די שטעט וואָס מיין פאָטער האָט צוגענומען פון דיין
פאָטער וועל איך אומקערן, און גאַסן זאָלסטו דיר מאַכן אין
דַמֶשֶׂק, אַזוי ווי מיין פאָטער האָט געמאַכט אין שוֹמרוֹן. [האָט
אַחאָב געזאָגט:] און איך וועל דיך אַוועקלאָזן מיט דעמדאָזיקן
בונד. און ער האָט אים געשלאָסן אַ בונד, און האָט אים אַוועק
געלאָזט.

35 און איינער אַ מאַן פון די יונגע נביאים האָט געזאָגט צו
זיין חבר דורך דעם וואָרט פון גאָט: שלאָג מיך, איך בעט דיך.
און דער מאַן האָט אים ניט געוואָלט שלאָגן. 36 האָט ער געזאָגט:
ווייל דו האָסט ניט צוגעהערט צו דעם קָול פון גאָט, אַט גייסטו
אַוועק פון מיר, און דיך וועט דערשלאָגן אַ לֵייבּ.

און ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון אים, אַזוי האָט אים
אָנגעטראָפֿן אַ לייב, און האָט אים דערשלאָגן.
37האָט ער אָנגעטראָפֿן אַן אַנדער מאַן, און האָט געזאָגט:
שלאָג מיך, איך בעט דיך. און דער מאַן האָט אים געשלאָגן,
שלאָגנדיק ביז ווּנדן. 38און דער נביא איז געגאַנגען און האָט
געהאַרט אויפֿן מלך בײַם וועג; און ער האָט זיך פֿאַרשטעלט
מיטן קאָפּבאַנד איבער זײַנע אויגן. 39און עס איז געווען, ווי
דער מלך איז פֿאַרבײַגעגאַנגען, אַזוי האָט ער געשריִען צום
מלך און האָט געזאָגט: דײַן קנעכט איז אַרויסגעגאַנגען אין דער
מלחמה, ערשט אַ מאַן האָט זיך אָפּגעקערט, און האָט געבראַכט
צו מיר אַ מאַן, און האָט געזאָגט: היט דעמדאָזיקן מאַן; אויב
געמינערט וועט ער געמינערט ווערן, וועט דײַן נפֿש זײַן אָנשטאָט
זײַן נפֿש, אָדער אַ צענטנער זילבער וועסטו באַצאָלן. 40און
ווי דײַן קנעכט איז געווען פֿאַרטאָן דאָ און דאָרט, אַזוי איז ער
ניט געוואָרן.
האָט דער מלך פֿון ישׂראל צו אים געזאָגט: אַזוי זאָל זײַן
דײַן משפּט; דו אַליין האָסט געפּסקעט.
41האָט ער אויף גיך אָפּגעטאָן דעם קאָפּבאַנד פֿון זײַנע
אויגן, און דער מלך פֿון ישׂראל האָט אים דערקענט, אַז ער איז
פֿון די נביאים.
42און ער האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: ווײַל
דו האָסט אַרויסגעלאָזט פֿון דער האַנט דעם מאַן פֿון מײַן חרם,
זאָל דײַן נפֿש זײַן אָנשטאָט זײַן נפֿש, און דײַן פֿאָלק אָנשטאָט
זײַן פֿאָלק.
43און דער מלך פֿון ישׂראל איז אַוועק צו זײַן הויז צעטראָגן
און פֿאַרבייזערט, און ער איז געקומען קיין שומרון.

כא 1און עס איז געווען נאָך דידאָזיקע געשעענישן: נָבות דער
יִזרעאלי האָט געהאַט אַ ווײַנגאָרטן וואָס איז געווען אין

יִזרְעֶאל לעבן דעם פּאַלאַץ פֿון אַחְאָב דעם מלך פֿון שוֹמרוֹן.
2 האָט אַחְאָב געזאָגט צו נָבוֹתן, אַזוי צו זאָגן: גיב מיר דיין ווייַנ־
גאָרטן, כּדי ער זאָל מיר זיין פֿאַר אַ גאָרטן פֿון גרינס, ווייל ער
איז נאָנט לעבן מיין הויז, און איך וועל דיר געבן אָנשטאָט אים
אַ ווייַנגאָרטן אַ בעסערן פֿון אים. אָדער אויב אין דיינע אויגן
איז בעסער, וועל איך דיר געבן געלט אין מקח פֿון דעם. 3 האָט
נָבוֹת געזאָגט צו אַחְאָבן: באַהיט מיך גאָט, איך זאָל דיר אָפּגעבן
די נחלה פֿון מיינע עלטערן.
4 איז אַחְאָב געקומען אין זיין הויז צעטראָגן און פֿאַרבייזערט
איבער דעם וואָרט וואָס נָבוֹת דער יִזרעאֵלי האָט צו אים
גערעדט, אַז ער האָט געזאָגט: איך וועל דיר ניט אָפּגעבן די
נחלה פֿון מיינע עלטערן. און ער האָט זיך געלייגט אויף זיין
בעט, און האָט אומגעדרייט זיין פּנים, און ניט געגעסן קיין שפּייז.
5 איז צוגעקומען צו אים זיין ווייב איזֶבל, און האָט צו אים
געזאָגט: וואָס איז דאָס דיין געמיט צעטראָגן, און דו עסט ניט
קיין שפּייז? 6 האָט ער צו איר געזאָגט: ווייל איך האָב גערעדט צו
נָבוֹת דעם יִזרעאֵלי, און איך האָב צו אים געזאָגט: גיב מיר דיין
ווייַנגאָרטן פֿאַר געלט, אָדער אויב דו ווילסט, וועל איך דיר
געבן אַן אַנדער ווייַנגאָרטן אָנשטאָט אים; און ער האָט געזאָגט:
איך וועל דיר ניט אָפּגעבן מיין ווייַנגאָרטן.
7 האָט זיין ווייב איזֶבל צו אים געזאָגט: פֿירסט דו אַצונד
די מלוכה איבער ישׂראל? שטיי אויף, עס שפּייז, און זאָל דיין
האַרץ זיין פֿריילאַך. איך וועל דיר געבן דעם ווייַנגאָרטן פֿון
נָבוֹת דעם יִזרעאֵלי.
8 און זי האָט געשריבן בריוו אין אַחְאָבס נאָמען, און פֿאַר־
זיגלט מיט זיין זיגל, און האָט געשיקט די בריוו צו די עלטסטע
און צו די אַדללייט וואָס אין זיין שטאָט, וואָס האָבן געוווינט
מיט נָבוֹתן. 9 און זי האָט געשריבן אין די בריוו, אַזוי צו זאָגן:

רופט אויס אַ תּענית, און זעצט אַוועק נָבותן אויבנאָן פון פאָלק.
[10]און זעצט אַוועק צוויי מענטשן, נידערטרעכטיקע יונגען, אַקעגן
אים, זיי זאָלן עדות זאָגן אויף אים, אַזוי צו זאָגן: האָסט
געלעסטערט גאָט און דעם מלך. און פירט אים אַרויס, און
פאַרשטיינט אים, און ער זאָל שטאַרבן.
[11]האָבן די מענטשן פון זיין שטאָט, און די עלטסטע און די
אֵדללייט וואָס האָבן געוווינט אין זיין שטאָט, געטאָן אַזוי ווי
איזֶבל האָט צו זיי געשיקט, אַזוי ווי עס איז געווען געשריבן אין
די בריוו וואָס זי האָט צו זיי געשיקט. [12]זיי האָבן אויסגערופן
אַ תּענית, און האָבן אַוועקגעזעצט נָבותן אויבנאָן פון פאָלק.
[13]און די צוויי מענטשן, נידערטרעכטיקע יונגען, זיינען געקומען
און האָבן זיך געזעצט אַקעגן אים; און די נידערטרעכטיקע
יונגען האָבן עדות געזאָגט אויף אים, אויף נָבותן, פאַרן פאָלק,
אַזוי צו זאָגן: נָבות האָט געלעסטערט גאָט און דעם מלך. און
מע האָט אים אַרויסגעפירט אויסן שטאָט, און אים פאַרוואָרפן
מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן. [14]און זיי האָבן געשיקט
צו איזֶבלען, אַזוי צו זאָגן: נָבות איז פאַרשטיינט געוואָרן, און
ער איז טויט.
[15]און עס איז געווען, ווי איזֶבל האָט געהערט אַז נָבות איז
פאַרשטיינט געוואָרן, און ער איז טויט, אַזוי האָט איזֶבל געזאָגט
צו אַחאָבן: שטיי אויף, יַרשע דעם וויינגאָרטן פון נָבות דעם
יִזרעאֵלי, וואָס ער האָט דיר ניט געוואָלט געבן פאַר געלט.
וואָרום נָבות לעבט ניט, נייערט ער איז טויט.
[16]און עס איז געווען, ווי אַחאָב האָט געהערט אַז נָבות איז
טויט, אַזוי איז אַחאָב אויפגעשטאַנען אַראָפּצונידערן צו דעם
וויינגאָרטן פון נָבות דעם יִזרעאֵלי, כּדי אים צו ירשען.
[17]איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו אֵליָהו דעם תִּשבּי, אַזוי
צו זאָגן: [18]שטיי אויף, נידער אַראָפּ אַנטקעגן אַחאָב דעם מלך

פֿון ישׂראל וואָס אין שומרון; אָן איז ער אין דעם ווײַנגאָרטן פֿון
נָבוֹתן, וואָס ער האָט אַהין אַראָפּגענידערט, כּדי אים צו יַרשען.
[19]און זאָלסט רעדן צו אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
האָסט געהרגעט, און ווילסט אויך יַרשען? און זאָלסט רעדן צו
אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אויף דעם אָרט ווו
די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פֿון נָבוֹתן, וועלן די הינט
לעקן אויך דײַן בלוט.
[20]האָט אַחאָב געזאָגט צו אֵליָהון: האָסט מיך אָנגעקריגן,
שׂונא מײַנער? האָט ער געזאָגט: איך האָב דיך אָנגעקריגן; ווײַל
דו האָסט זיך אָפּגעגעבן צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן
פֿון גאָט. [21]זע, איך ברענג אויף דיר אַן אומגליק, און איך וועל
דיך אויסראַמען, און וועל פֿאַרשניידן פֿון אַחאָבן יעטוועדער
מאַנספּאַרשוין*, און קינד און קייט, צווישן ישׂראל. [22]און איך
וועל מאַכן דײַן הויז אַזוי ווי דאָס הויז פֿון יָרָבעָם דעם זון פֿון
נבָטן, און אַזוי ווי דאָס הויז פֿון בַּעשָׁא דעם זון פֿון אַחִיָהן, פֿאַר
דער דערצערענונג וואָס דו האָסט דערצערנט, און געמאַכט
זינדיקן ישׂראל. [23]און אויך אויף איזֶבלען האָט גאָט גערעדט,
אַזוי צו זאָגן: די הינט וועלן עסן איזֶבלען אין דעם פֿעסטונג־
גראָבן פֿון יִזרְעֶאל. [24]דעם וואָס שטאַרבט פֿון אַחאָבן אין
שטאָט, וועלן די הינט אויפֿעסן, און דעם וואָס שטאַרבט אין
פֿעלד, וועלן די פֿויגלען פֿון הימל אויפֿעסן.
[25]פֿאַרוואָר, עס איז ניט געווען אַזאַ ווי אַחאָב וואָס האָט זיך
אָפּגעגעבן צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט, ווײַל
אים האָט אָנגערעדט זײַן ווײַב איזֶבל. [26]און ער האָט זיך
באַגאַנגען זייער אומווערדיק צו גיין נאָך די אָפּגעטער, אַזוי ווי
אַלץ וואָס די אֶמוֹרים האָבן געטאָן, וועמען גאָט האָט פֿאַרטריבן
פֿון פֿאַר די קינדער פֿון ישׂראל.
[27]און עס איז געווען, ווי אַחאָב האָט געהערט דידאָזיקע

*אין טעקסט: מַשְׁתִּין בְּקִיר.

ווערטער, אַזוי האָט ער צעריסן זײַנע קליידער, און אָנגעטאָן
זאַקקלייד אויף זײַן לײַב, און האָט געפאַסט; און ער איז געלעגן
אין זאַקקלייד, און איז אַרומגעגאַנגען שטילערהייט.
[28]איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו אֵלִיָהוּ דעם תִּשְׁבִּי, אַזוי
צו זאָגן: [29]האָסטו געזען ווי אַחְאָב איז געוואָרן אונטערטעניק
פאַר מיר? ווײַל ער איז געוואָרן אונטערטעניק פאַר מיר, וועל
איך ניט ברענגען דאָס בייז אין זײַנע טעג; אין די טעג פון זײַן זון
וועל איך ברענגען דאָס בייז אויף זײַן הויז.

כב [1]און זיי זײַנען געזעסן דריי יאָר אָן אַ מלחמה צווישן אֲרָם
און צווישן ישׂראל. [2]אָבער עס איז געווען אויפן דריטן
יאָר, האָט יְהוֹשָׁפָט דער מלך פון יהודה אַראָפּגענידערט צו
דעם מלך פון ישׂראל. [3]און דער מלך פון ישׂראל האָט געזאָגט
צו זײַנע קנעכט: ווייסט איר אַז צו אונדז געהערט רָמוֹת־גִלְעָד?
און מיר שווײַגן, און נעמען זי ניט אַוועק פון דער האַנט פון דעם
מלך פון אֲרָם.
[4]און ער האָט געזאָגט צו יְהוֹשָׁפָטן: ווילסטו גיין מיט מיר
אין מלחמה אויף רָמוֹת־גִלְעָד? האָט יְהוֹשָׁפָט געזאָגט צו דעם
מלך פון ישׂראל: אַזוי ווי דו אַזוי איך, אַזוי ווי דײַן פאָלק אַזוי
מײַן פאָלק, אַזוי ווי דײַנע פערד אַזוי מײַנע פערד.
[5]און יְהוֹשָׁפָט האָט געזאָגט צו דעם מלך פון ישׂראל: פרעג
הײַנט, איך בעט דיך, דאָס וואָרט פון גאָט.
[6]האָט דער מלך פון ישׂראל אײַנגעזאַמלט די נביאים, אַרום
פיר הונדערט מאַן, און ער האָט צו זיי געזאָגט: זאָל איך גיין
קעגן רָמוֹת־גִלְעָד אויף מלחמה, אָדער זאָל איך אָפּשטיין? האָבן
זיי געזאָגט: גיי אַרויף, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט פון
מלך.
[7]האָט יְהוֹשָׁפָט געזאָגט: איז דאָ ניטאָ נאָך אַ נביא פון גאָט,

אַז מיר זאָלן פרעגן בײַ אים? 8האָט דער מלך פון ישׂראל געזאָגט
צו יהושָפָטן: פאַראַן נאָך איין מאַן אויף צו פרעגן בײַ גאָט דורך
אים, אָבער איך האָב אים פֿײַנט, ווײַל ער זאָגט ניט נביאות
אויף מיר גוטס, נאָר בלויז שלעכטס–מיכָיהו דער זון פון ימלָהן.
האָט יהושָפָט געזאָגט: זאָל דער מלך אַזוי ניט רעדן.
9האָט דער מלך פון ישׂראל גערופן אַ הויפדינער, און האָט
געזאָגט: ברענג אויף גיך מיכָיהו דעם זון פון ימלָהן.
10און דער מלך פון ישׂראל און יהושָפָט דער מלך פון
יהודה זײַנען געזעסן איטלעכער אויף זײַן טראָן אָנגעקליידט
אין בִּגדֵי־מַלכות אין אַ שײַער בײַ דעם טויער־אײַנגאַנג פון
שומרון, און אַלע נביאים האָבן נביאות געזאָגט פאַר זײ. 11און
צדקִיָה דער זון פון כּנַעֲנָהן האָט זיך געמאַכט אײַזערנע
הערנער, און ער האָט געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מיט
די דאָזיקע וועסטו שטויסן אֲרָם ביז זײ צו פאַרלענדן. 12און אַלע
נביאים האָבן נביאות געזאָגט דעסגלײַכן, אַזוי צו זאָגן: גײ אַרויף
קיין רָמות־גִלעָד, און באַגליק, און גאָט וועט זי געבן אין דער
האַנט פון מלך.
13און דער שליח וואָס איז געגאַנגען רופן מיכָיהון, האָט
גערעדט צו אים, אַזוי צו זאָגן: זע נאָר, די ווערטער פון די
נביאים זײַנען ווי איין מויל גוטס צום מלך; זאָל, איך בעט דיך,
דײַן וואָרט זײַן אַזוי ווי דאָס וואָרט פון אײנעם פון זײ, און זאָלסט
רעדן גוטס. 14האָט מיכָיהו געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט גאָט,
אַז דאָס וואָס גאָט וועט זאָגן צו מיר, דאָס וועל איך רעדן!
15איז ער געקומען צום מלך, און דער מלך האָט צו אים
געזאָגט: מיכָיהו, זאָלן מיר גײן צו רָמות־גִלעָד אויף מלחמה,
אָדער זאָלן מיר אָפּשטײן? האָט ער צו אים געזאָגט: גײ אַרויף,
און באַגליק, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט פון מלך.
16האָט דער מלך צו אים געזאָגט: ביז וויפיל מאָל זאָל איך דיך

באַשווערן, אַז דו זאָלסט ניט רעדן צו מיר נאָר אמת אין נאָמען
פֿון גאָט? [17]האָט ער געזאָגט: איך האָב געזען גאַנץ ישׂראל
צעשפּרייט אויף די בערג, אַזוי ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין
פּאַסטוך, און גאָט האָט געזאָגט: אָן אַ האַר זײַנען די דאָזיקע;
זאָלן זיי זיך אומקערן איטלאַכער צו זײַן הויז בשלום. [18]האָט
דער מלך פֿון ישׂראל געזאָגט צו יהושפֿטן: האָב איך דיר ניט
געזאָגט, ער וועט ניט נביאות זאָגן אויף מיר גוטס, נאָר בלויז
שלעכטס?

[19]האָט ער געזאָגט: דרום הער דאָס וואָרט פֿון גאָט: איך
האָב געזען ווי גאָט זיצט אויף זײַן טראָן, און דער גאַנצער חיל
פֿון הימל שטייט לעבן אים פֿון זײַן רעכטער זייט און פֿון זײַן
לינקער. [20]און גאָט האָט געזאָגט: ווער וועט אָנרעדן אַחאָבן,
ער זאָל אַרויפֿגיין און פֿאַלן אין רמות־גלעד? האָט דער געזאָגט
אַזוי, און דער זאָגט אַזוי. [21]איז אַרויסגעגאַנגען דער גייסט, און
האָט זיך געשטעלט פֿאַר גאָט, און האָט געזאָגט: איך וועל אים
אָנרעדן. האָט גאָט צו אים געזאָגט: מיט וואָס? [22]האָט ער
געזאָגט: איך וועל אַרויסגיין און ווערן אַ גייסט פֿון ליגן אין מויל
פֿון אַלע זײַנע נביאים. האָט ער געזאָגט: וועסט אָנרעדן, און
וועסט אויך אויספֿירן; גיי אַרויס און טו אַזוי. [23]און אַצונד,
זע, גאָט האָט אַרײַנגעגעבן אַ גייסט פֿון ליגן אין מויל פֿון אַלע
די דאָזיקע נביאים דײַנע, אָבער גאָט האָט אָנגעזאָגט אויף דיר
שלעכטס.

[24]האָט גענענט צדקיהו דער זון פֿון כּנַעֲנָהן, און האָט
געשלאָגן מיכיהון אויפֿן באַק, און ער האָט געזאָגט: אויף וואָסער
[וועג] איז דער גייסט פֿון גאָט אַוועקגעגאַנגען פֿון מיר, כּדי צו
רעדן מיט דיר? [25]האָט מיכיהו געזאָגט: אָט וועסטו זען אין יענעם
טאָג, ווען דו וועסט אַרײַנגיין אין אַ קאַמער הינטער אַ קאַמער
זיך צו באַהאַלטן.

[26]האָט דער מלך פֿון ישׂראל געזאָגט: נעם מיכָיהון, און
קער אים אום צו אָמון דעם האַר פֿון דער שטאָט, און צו יוֹאָש
דעם מלכס זון. [27]און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט דער מלך:
טוט אַרײַן דעמדאָזיקן אין געפֿענקעניש, און שפּײַזט אים מיט
קאַרג ברויט און קאַרג װאַסער, ביז איך קום בשלום. [28]האָט
מיכָיהו געזאָגט: אויב אומקערן װעסטו זיך אומקערן בשלום,
האָט גאָט ניט גערעדט דורך מיר. און ער האָט געזאָגט: הערט
דאָס צו, איר פֿעלקער אַלע.
[29]און דער מלך פֿון ישׂראל און יהוֹשָפָט דער מלך פֿון
יהודה זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען קיין רָמוֹת־גִלעָד. [30]און דער מלך
פֿון ישׂראל האָט געזאָגט צו יהוֹשָפָטן: איך װעל זיך פֿאַרשטעלן,
און װעל אַרײַנגיין אין דער מלחמה, און דו טראָג דײַנע
קלײדער.
און דער מלך פֿון ישׂראל האָט זיך פֿאַרשטעלט, און איז
אַרײַנגעגאַנגען אין דער מלחמה.
[31]און דער מלך פֿון אַרָם האָט באַפֿוילן די צװײ און
דרײַסיק הויפּטלײַט פֿון זײַנע רײַטװעגן, אַזוי צו זאָגן: איר זאָלט
ניט מלחמה האַלטן מיט קלײן אָדער גרויס, נאָר בלויז מיטן
מלך פֿון ישׂראל אַלײן. [32]און עס איז געװען, װי די הויפּטלײַט
פֿון די רײַטװעגן האָבן געזען יהוֹשָפָטן, אַזוי האָבן זײ געזאָגט:
דאָס איז געװיס דער מלך פֿון ישׂראל. און זײ האָבן זיך אַ קער
געטאָן צו אים מלחמה צו האַלטן. האָט יהוֹשָפָט אַ געשרײ
געטאָן; [33]איז, װי די הויפּטלײַט פֿון די רײַטװעגן האָבן געזען
אַז דאָס איז ניט דער מלך פֿון ישׂראל, אַזוי האָבן זײ זיך
אָפּגעקערט פֿון הינטער אים.
[34]און אַ מאַן האָט אָנגעצויגן דעם בויגן גלאַט אין דער
װעלט, און האָט געטראָפֿן דעם מלך פֿון ישׂראל צװישן אונטער־
פּאַנצער און צװישן ברוסטשילד. האָט ער געזאָגט צו זײַן

טרייבער: פֿאַרקער דיין האַנט, און פֿיר מיך אַרויס פֿון דער
מחנה, וואָרום איך בין פֿאַרוווּנדעט.

35 און די מלחמה איז געשטיגן אין יענעם טאָג; און דער מלך
איז אויפֿגעהאַלטן געוואָרן שטייענדיק אין רייטוואָגן אַנטקעגן
אַרם; און אין אָוונט איז ער געשטאָרבן. און דאָס בלוט פֿון
דער וווּנד איז אַראָפּגערונען אויפֿן דעק פֿון רייטוואָגן.

36 איז אַרויס אַ געשריי דורך דער מחנה אַרום זונאונטער־
גאַנג: איטלעכער צו זיין שטאָט, און איטלעכער צו זיין לאַנד!

37 אַזוי איז געשטאָרבן דער מלך; און ער איז געבראַכט
געוואָרן קיין שומרון. און מע האָט באַגראָבן דעם מלך אין
שומרון.

38 און אַז מע האָט אָפּגעשווענקט דעם רייטוואָגן ביים טייך
פֿון שומרון, האָבן די הינט געלעקט זיין בלוט, און די זונות האָבן
זיך דרינען געוואַשן, אַזוי ווי דאָס וואָרט פֿון גאָט וואָס ער האָט
גערעדט.

39 און די איבעריקע זאַכן וועגן אַחאָבן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און דאָס הויז פֿון עלפֿנביין וואָס ער האָט געבויט,
און אַלע שטעט וואָס ער האָט געבויט, דאָס איז שוין באַשריבן
אין בוך פֿון די צייטגעשעענישן פֿון די מלכים פֿון ישׂראל.

40 און אַחאָב האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און זיין
זון אַחזיהו איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

41 און יהושפֿט דער זון פֿון אָסאָן איז געוואָרן מלך איבער
יהודה אין פֿירטן יאָר פֿון אַחאָב דעם מלך פֿון ישׂראל. 42 פֿינף
און דרייסיק יאָר איז יהושפֿט אַלט געוועזן אַז ער איז געוואָרן
מלך, און פֿינף און צוואַנציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושלים. און דער נאָמען פֿון זיין מוטער איז געוועזן עזובֿה די
טאָכטער פֿון שלחין.

43און ער איז געגאַנגען אין אַל דעם וועג פֿון זיין פֿאָטער
אָסאָן–ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט דערפֿון–צו טאָן וואָס איז
רעכטפֿאַרטיק אין די אויגן פֿון גאָט. 44נאָר די בָּמות זיינען
ניט אָפּגעטאָן געוואָרן; דאָס פֿאָלק האָט נאָך אַלץ געשלאַכט
און גערייכערט אויף די בָּמות.

45און יהושָפָט איז געווען אין שלום מיט דעם מלך פֿון
ישראל.

46און די איבעריקע זאַכן וועגן יהושָפָטן, און זיין גבורה־
שאַפֿט וואָס ער האָט אויפֿגעטאָן, און ווי ער האָט מלחמה
געהאַלטן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פֿון די צייט־
געשעענישן פֿון די מלכים פֿון יהודה.

47און דעם רעשט פֿון די שאַנדמענער, וואָס איז געבליבן
אין די טעג פֿון זיין פֿאָטער אָסאָן, האָט ער אויסגעראָמט פֿון
לאַנד.

48און קיין מלך איז ניט געווען אין אֶדום; אַ געשטעלטער
איז געווען מלך.

49יהושָפָט האָט געמאַכט תּרשיש־שיפֿן צו גיין קיין אופֿיר
נאָך גאָלד, אָבער ער איז ניט געגאַנגען, וואָרום די שיפֿן זיינען
צעבראָכן געוואָרן ביי עֶציון־גֶבֶר. 50דעמאָלט האָט אַחַזיָהו
דער זון פֿון אַחְאָבן געזאָגט צו יהושָפָטן: זאָלן מיינע קנעכט
גיין מיט דיינע קנעכט אין די שיפֿן; אָבער יהושָפָט האָט ניט
געוואָלט.

51און יהושָפָט האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
ער איז באַגראָבן געוואָרן לעבן זיינע עלטערן, אין זיין פֿאָטער
דודס־שטאָט; און זיין זון יהורָם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

52אַחַזיָהו דער זון פֿון אַחְאָבן איז געוואָרן מלך איבער
ישראל אין שומרון אין זיבעצנטן יאָר פֿון יהושָפָט דעם מלך

פון יהודה, און ער האָט געקיניגט איבער ישׂראל צוויי יאָר.
63און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
און איז געגאַנגען אין דעם וועג פון זיין פאָטער, און אין דעם וועג
פון זיין מוטער, און אין דעם וועג פון יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן,
וואָס האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל. 64און ער האָט געדינט
בַּעַל, און האָט זיך געבוקט צו אים, און האָט דערצערנט יהוה
דעם גאָט פון ישׂראל, אַזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער האָט געטאָן.

# מְלָכִים ב

# מְלָכִים ב

א 1און מואָב האָט ווידערשפּעניקט אָן ישׂראל נאָך אַחאָבס
טויט.
2און אַחזיָהו איז אַרויסגעפֿאַלן דורך דער גראַטע פֿון זיין
אויבערשטוב וואָס אין שומרון, און איז קראַנק געוואָרן. און
ער האָט געשיקט שלוחים, און האָט זיי אָנגעזאָגט: גייט פֿרעגט
ביי בַעַל־זבוב דעם גאָט פֿון עֶקרון, אויב איך וועל גענעזן ווערן
פֿון דערדאָזיקער קראַנקשאַפֿט.
3און אַ מלאַך פֿון גאָט האָט גערעדט צו אֵליָהו דעם תִשבי:
שטיי אויף, גיי אַרויף אַנטקעגן די שלוחים פֿון דעם מלך פֿון
שומרון, און רעד צו זיי: צי ווייל אין ישׂראל איז קיין גאָט ניטאָ,
גייט איר פֿרעגן ביי בַעַל־זבוב דעם גאָט פֿון עֶקרון? 4דרומעך
האָט יהוה אַזוי געזאָגט: דאָס בעט וואָס דו ביסט אַרויף אַהין,
דערפֿון וועסטו ניט אַראָפּנידערן, נייערט שטאַרבן וועסטו
שטאַרבן.
איז אֵליָהו געגאַנגען.
5און די שלוחים האָבן זיך אומגעקערט צו אים, און ער
האָט צו זיי געזאָגט: וואָס עפּעס האָט איר זיך אומגעקערט?
6האָבן זיי צו אים געזאָגט: אַ מאַן איז אַרויפֿגעקומען אונדז
אַנטקעגן, און ער האָט צו אונדז געזאָגט: גייט קערט אַייך אום צו
דעם מלך וואָס האָט אַייך געשיקט, און איר זאָלט רעדן צו אים:
אַזוי האָט יהוה געזאָגט: צי ווייל אין ישׂראל איז קיין גאָט ניטאָ,
שיקסטו פֿרעגן ביי בַעַל־זבוב דעם גאָט פֿון עֶקרון? דרום, דאָס
בעט וואָס דו ביסט אַרויף אַהין, דערפֿון וועסטו ניט אַראָפּ־

נידערן, נייערט שטאַרבן וועסטו שטאַרבן. [7]האָט ער צו זיי
גערעדט: וואָס איז דאָס אויסזען פון דעם מאַן וואָס איז אַייך
אַרויפגעקומען אַנטקעגן, און האָט צו אַייך גערעדט די דאָזיקע
רייד? [8]האָבן זיי צו אים געזאָגט: אַ האָריקער מאַן מיט אַ
פעלענעם גאַרטל אָנגעגורט אויף זיינע לענדן. האָט ער געזאָגט
דאָס איז אֵלִיָהו דער תִּשבִּי.
[9]און ער האָט צו אים געשיקט אַ הויפּטמאַן פון פופציק
מיט זיינע פופציק. איז ער אַרויפגעגאַנגען צו אים, ערשט ער
זיצט אויפן שפּיץ באַרג. האָט ער צו אים גערעדט: געטלאַכער
מאַן, דער מלך האָט געזאָגט: נידער אַראָפּ. [10]האָט אֵלִיָהו
געענטפערט און גערעדט צו דעם הויפּטמאַן פון די פופציק:
איז, אויב איך בין אַ געטלאַכער מאַן, זאָל אַראָפּנידערן אַ
פייער פון הימל, און פאַרצערן דיך און דיינע פופציק.
האָט אַראָפּגענידערט אַ פייער פון הימל, און האָט פאַר־
צערט אים און זיינע פופציק.
[11]האָט ער ווידער געשיקט צו אים אַן אַנדער הויפּטמאַן
פון פופציק מיט זיינע פופציק. און ער האָט זיך אָפּגערופן
און גערעדט צו אים: געטלאַכער מאַן, אַזוי האָט דער מלך
געזאָגט: אַייל זיך נידער אַראָפּ. [12]האָט אֵלִיָהו געענטפערט
און האָט צו זיי גערעדט: אויב איך בין אַ געטלאַכער מאַן, זאָל
אַראָפּנידערן אַ פייער פון הימל, און פאַרצערן דיך און דיינע
פופציק.
האָט אַראָפּגענידערט אַ פייער פון הימל, און האָט פאַר־
צערט אים און זיינע פופציק.
[13]האָט ער ווידער געשיקט צו אים אַ הויפּטמאַן פון דריטע
פופציק מיט זיינע פופציק, און דער דריטער הויפּטמאַן פון
פופציק איז אַרויפגעגאַנגען, און ער איז געקומען און האָט זיך
געבוקט אויף זיינע קני פאַר אֵלִיָהון, און ער האָט זיך ביי אים

געבעטן, און האָט צו אים גערעדט: געטלאַכער מאַן, זאָל, איך
בעט דיך, מײַן נפש, און די נפשות פון דידאָזיקע פופציק קנעכט
דײַנע, זײַן װערדיק אין דײַנע אױגן. [14]זע, אַ פײַער האָט אַראָפּ־
גענידערט פון הימל, און האָט פאַרצערט די צװײ פריערדיקע
הױפּטלײַט פון פופציק מיט זײערע פופציקן; און אַצונד, זאָל
מײַן נפש זײַן װערדיק אין דײַנע אױגן.
[15]האָט אַ מלאך פון גאָט גערעדט צו אֵלִיָהון: נידער אַראָפּ
מיט אים; זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר אים.
איז ער אױפגעשטאַנען און האָט אַראָפּגענידערט מיט אים
צום מלך. [16]און ער האָט צו אים גערעדט: אַזױ האָט גאָט
געזאָגט: אַזױ װי דו האָסט געשיקט שלוחים צו פרעגן בײַ בַּעַל־
זבוב דעם גאָט פון עֶקרון, איז דאָס װײַל אין ישׂראל איז קײן
גאָט ניטאָ צו פרעגן זײַן װאָרט? דרום, דאָס בעט װאָס דו ביסט
אַרױף אַהין, דערפון װעסטו ניט אַראָפּנידערן, נײַערט שטאַרבן
װעסטו שטאַרבן.
[17]און ער איז געשטאָרבן אַזױ װי דאָס װאָרט פון גאָט װאָס
אֵלִיָהו האָט גערעדט. און יהוֹרָם איז געװאָרן מלך אױף זײַן
אָרט אין צװײטן יאָר פון יהוֹרָם דעם זון פון יהוֹשָׁפָטן, דעם
מלך פון יהודה; װײַל ער האָט קײן זון ניט געהאַט.
[18]און די איבעריקע זאַכן פון אַחַזְיָהון װאָס ער האָט געטאָן,
זײ זײַנען שױן באַשריבן אין בוך פון די צײַטגעשעענישן פון די
מלכים פון ישׂראל.

ב [1]און עס איז געװען, װען גאָט האָט געזאָלט אַרױפנעמען
אֵלִיָהון אין אַ שטורעמװינט אױפן הימל, זײַנען אֱלִישָׁע און
אֵלִיָהו געגאַנגען פון גִלגָל. [2]האָט אֵלִיָהו געזאָגט צו אֱלִישָׁען:
בלײַב דאָ, איך בעט דיך, װאָרום גאָט האָט מיך געשיקט ביז
בֵּית־אֵל. האָט אֱלִישָׁע געזאָגט: אַזױ װי גאָט לעבט, און אַזױ װי
דײַן זעל לעבט, אױב איך װעל דיך פאַרלאָזן!

און זיי האָבן אַראָפּגענידערט קיין בּית־אֵל.
3 זיינען אַרויסגעגאַנגען די יונגע נביאים וואָס אין בּית־אֵל צו
אֱלִישָׁען, און האָבן צו אים געזאָגט: ווייסטו אַז היינט נעמט גאָט
אַוועק דיין האַר פון דיין קאָפּ? האָט ער געזאָגט: יאָ, איך ווייס;
שווייגט.
4 האָט אֵלִיָהו צו אים געזאָגט: אֱלִישָׁע, בּלייבּ דאָ, איך בּעט
דיך, וואָרום גאָט האָט מיך געשיקט קיין יריחוֹ. האָט ער
געזאָגט: אַזוי ווי גאָט לעבּט, און אַזוי ווי דיין זעל לעבּט, אויבּ
איך וועל דיך פאַרלאָזן.
און זיי זיינען געקומען קיין יריחוֹ.
5 האָבן גענענט די יונגע נביאים וואָס אין יריחוֹ צו אֱלִישָׁען,
און האָבן צו אים געזאָגט: ווייסטו אַז היינט נעמט גאָט אַוועק
דיין האַר פון דיין קאָפּ? האָט ער געזאָגט: יאָ, איך ווייס; שווייגט.
6 האָט אֵלִיָהו צו אים געזאָגט: בּלייבּ דאָ, איך בּעט דיך,
וואָרום גאָט האָט מיך געשיקט בּיזן יַרדן. האָט ער געזאָגט:
אַזוי ווי גאָט לעבּט, און אַזוי ווי דיין זעל לעבּט, אויבּ איך וועל
דיך פאַרלאָזן!
און זיי זיינען בּיידע געגאַנגען.
7 זיינען פופציק מאַן פון די יונגע נביאים געגאַנגען, און האָבן
זיך געשטעלט אַקעגנאיבּער פון דער ווייטן; און זיי בּיידע זיינען
געשטאַנען בּיים יַרדן. 8 האָט אֵלִיָהו גענומען זיין מאַנטל, און
צונויפגעוויקלט, און געשלאָגן דאָס וואַסער, און עס האָט זיך
צעטיילט אַהין און אַהער, און זיי זיינען בּיידע אַריבּערגעגאַנגען
אין טריקעניש. 9 און עס איז געווען, ווי זיי זיינען אַריבּער־
געגאַנגען, אַזוי האָט אֵלִיָהו געזאָגט צו אֱלִישָׁען: בּעט וואָס איך
זאָל דיר טאָן, איידער איך וועל אַוועקגענומען ווערן פון דיר.
האָט אֱלִישָׁע געזאָגט: זאָל, איך בּעט דיך, אַ צווייעדיקער טייל

פון דיין גייסט זיין אויף מיר. [10]האָט ער געזאָגט: האָסט אַ
שווערע זאַך געבעטן. אויב דו וועסט מיך זען ווען איך ווער
אַוועקגענומען פון דיר, וועט דיר אַזוי געשען, אויב אָבער ניט,
וועט עס ניט געשען.
[11]און עס איז געווען, ווי זיי גייען אַזוי, גייען און רעדן, ערשט
אַ פייערדיקער רייטוואָגן מיט פייערדיקע פערד, און זיי האָבן
פאַנאַנדערגעשיידט צווישן זיי ביידן, און אֵלִיָהו איז אַרויף מיט
אַ שטורעמווינט אין הימל. [12]און ווי אֱלִישָע האָט עס געזען,
אַזוי האָט ער געשריען: פאָטער מיינער, פאָטער מיינער, רייט־
וועגן און רייטער פון ישׂראל!
און ער האָט אים מער ניט געזען. האָט ער אָנגענומען
זיינע קליידער, און האָט זיי צעריסן אויף צוויי שטיקער. [13]און
ער האָט אויפגעהויבן אֵלִיָהוס מאַנטל וואָס איז אַראָפּגעפאַלן
פון אים, און האָט זיך אומגעקערט און זיך געשטעלט ביים ברעג
יַרדן. [14]און ער האָט גענומען אֵלִיָהוס מאַנטל וואָס איז אַראָפּ־
געפאַלן פון אים, און האָט געשלאָגן דאָס וואַסער, און האָט
געזאָגט: וווּ איז יהוה דער גאָט פון אֵלִיָהו? און אַז ער אויך האָט
געשלאָגן דאָס וואַסער, האָט דאָס וואַסער זיך צעטיילט אַהין
און אַהער, און אֱלִישָע איז אַריבערגעגאַנגען.
[15]און די יונגע נביאים וואָס פון יריחו האָבן אים געזען פון
אַקעגנאיבער, און זיי האָבן געזאָגט: דער גייסט פון אֵלִיָהון רוט
אויף אֱלִישָען. און זיי זיינען אים געקומען אַנטקעגן, און האָבן
זיך געבוקט פאַר אים צו דער ערד. [16]און זיי האָבן צו אים
געזאָגט: אָט, איך בעט דיך, זיינען צווישן דיינע קנעכט פופציק
מאַן, העלדישע יונגען; זאָלן זיי גיין, איך בעט דיך, און זוכן
דיין האַר; טאָמער האָט אים דער גייסט פון גאָט פאַרטראָגן
און אים פאַרוואָרפן אויף איינעם פון די בערג, אָדער אין
איינעם פון די טאָלן. האָט ער געזאָגט: איר זאָלט ניט שיקן.

יז זיינען זיי צוגעשטאַנען צו אים ביז ער האָט זיך געשעמט, און
ער האָט געזאָגט: שיקט. און זיי האָבן געשיקט פופציק מאַן,
און זיי האָבן געזוכט דריי טעג, און האָבן אים ניט געפונען.
יח האָבן זיי זיך אומגעקערט צו אים, ווי ער איז געזעסן אין יריחו;
און ער האָט צו זיי געזאָגט: האָב איך אײַך ניט געזאָגט: איר זאָלט
ניט גיין?

יט און די מענטשן פון דער שטאָט האָבן געזאָגט צו אֶלִישָען:
זע נאָר, דער אָרט פון דער שטאָט איז אַ גוטער, אַזוי ווי אונדזער
האַר זעט, אָבער דאָס וואַסער איז שלעכט, און דאָס לאַנד
פאַרוואַרפט. כ האָט ער געזאָגט: ברענגט מיר אַ נייע שיסל,
און טוט אַרײַן אַהין זאַלץ. האָבן זיי עס אים געבראַכט. כא און
ער איז אַרויסגעגאַנגען צו דעם אַרויסגאַנג פונעם וואַסער, און
האָט אַהין אַרײַנגעוואָרפן זאַלץ, און געזאָגט: אַזוי האָט גאָט
געזאָגט: איך האָב געזונט געמאַכט דאָסדאָזיקע וואַסער; מער
זאָל פון דאָרטן ניט זײַן קיין טויט און קיין פאַרוואַרפערין. כב און
דאָס וואַסער איז געזונט געוואָרן ביז אויף הײַנטיקן טאָג, אַזוי
ווי דאָס וואָרט וואָס אֶלִישָע האָט גערעדט.

כג און ער איז אַרויפגעגאַנגען פון דאָרטן קיין בֵּית־אֵל. און
ווי ער גייט אַרויף מיטן וועג, אַזוי זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון
שטאָט קליינע אינגלאַך, און האָבן געשפּעט פון אים, און האָבן
צו אים געזאָגט: גיי אַרויף, פּליכקאָפּ! גיי אַרויף, פּליכקאָפּ!
כד האָט ער זיך אומגעקערט הינטער זיך, און האָט זיי דערזען,
און ער האָט זיי געשאָלטן אין נאָמען פון גאָט. זײַנען אַרויס־
געקומען צוויי בערנטעס פון וואַלד, און האָבן צעריסן פון זיי
צוויי און פערציק קינדער.

כה און ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דאָרטן צום באַרג כַּרמֶל,
און פון דאָרטן האָט ער זיך אומגעקערט קיין שֹמרוֹן.

ג 1און יהורָם דער זון פון אַחְאָבן איז געוואָרן מלך איבער
ישראל אין שומרון אין אַכצנטן יאָר פון יהושָפָט דעם מלך
פון יהודה; און ער האָט געקיניגט צוועלף יאָר.
2און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
נאָר ניט אַזוי ווי זיין פאָטער און ווי זיין מוטער; וואָרום ער האָט
אָפּגעטאָן דעם ויילשטיין פון בַּעַל וואָס זיין פאָטער האָט
געמאַכט. 3אָבער ער איז געווען באַהעפט אָן די זינד פון
יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן
ישראל; ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט דערפון.
4און מֵישַע דער מלך פון מואָב האָט געהאַלטן שאָף, און
ער פלעגט צאָלן דעם מלך פון ישראל די וואָל פון הונדערט
טויזנט לעמער און הונדערט טויזנט ווידערס. 5און עס איז
געווען, ווי אַחְאָב איז געשטאָרבן, אַזוי האָט דער מלך פון מואָב
ווידערשפעניקט אָן דעם מלך פון ישראל. 6איז דער מלך
יהורָם אַרויסגעגאַנגען אין יענעם טאָג פון שומרון, און האָט
איבערגעציילט גאַנץ ישראל. 7און ער איז געגאַנגען און האָט
געשיקט צו יהושָפָט דעם מלך פון יהודה, אַזוי צו זאָגן: דער מלך
פון מואָב האָט ווידערשפעניקט אָן מיר; וועסטו גיין מיט מיר
אַקעגן מואָב אויף מלחמה? האָט ער געזאָגט: איך וועל אַרויפגיין;
אַזוי ווי דו אַזוי איך, אַזוי ווי דיין פאָלק אַזוי מיין פאָלק, אַזוי
ווי דיינע פערד אַזוי מיינע פערד. 8האָט ער געפרעגט: מיט
וואָסער וועג זאָלן מיר אַרויפגיין? האָט ער געזאָגט: מיטן וועג
פון דעם מִדבָּר פון אֶדום.
9איז געגאַנגען דער מלך פון ישראל, און דער מלך פון
יהודה, און דער מלך פון אֶדום, און זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט
זיבן טעג וועגס, און עס איז ניט געווען קיין וואַסער פאַרן חיל,
און פאַר די בהמות וואָס הינטער זיי. 10האָט דער מלך פון
ישראל געזאָגט: ויי! וואָרום גאָט האָט צונויפגערופן די דאָזיקע

דרײַ מלכים, זיי צו געבן אין דער האַנט פון מואָב. 11האָט
יהוֹשָפָט געזאָגט: איז דאָ ניטאָ אַ נביא פון גאָט, אַז מיר זאָלן
פרעגן דורך אים בײַ גאָט? האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די
קנעכט פון דעם מלך פון ישׂראל, און האָט געזאָגט: דאָ איז דאָ
אֶלישָע דער זון פון שָפָטן, וואָס האָט געגאָסן וואַסער אויף די
הענט פון אֵליָהון. 12האָט יהוֹשָפָט געזאָגט: בײַ אים איז דאָ
דאָס וואָרט פון גאָט.
און דער מלך פון ישׂראל און יהוֹשָפָט און דער מלך פון
אֶדוֹם האָבן אַראָפּגענידערט צו אים. 13האָט אֶלישָע געזאָגט
צו דעם מלך פון ישׂראל: וואָס קער איך זיך אָן מיט דיר? גיי צו
די נביאים פון דײַן פאָטער, און צו די נביאים פון דײַן מוטער.
האָט דער מלך פון ישׂראל צו אים געזאָגט: ניטע! וואָרום גאָט
האָט צונויפגערופן די דאָזיקע דרײַ מלכים, זיי צו געבן אין דער
האַנט פון מואָב. 14האָט אֶלישָע געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט
גאָט פון צבָאוֹת וואָס איך שטיי פאַר אים, אַז ווען איך שוין ניט
דעם פנים פון יהוֹשָפָט דעם מלך פון יהודה, אויב איך וואָלט
געקוקט אויף דיר, און אויב איך וואָלט דיך אָנגעזען! 15און
אַצונד, ברענגט מיר אַ שפּילער.
און עס איז געווען, ווי דער שפּילער האָט געשפּילט, אַזוי
איז אויף אים געווען די האַנט פון גאָט. 16און ער האָט געזאָגט:
אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מאַכט דעם דאָזיקן טאָל גריבער אויף
גריבער. 17וואָרום אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איר וועט ניט זען
קיין ווינט, און ניט זען קיין רעגן, און דער דאָזיקער טאָל וועט
אָנגעפילט ווערן מיט וואַסער, און איר וועט טרינקען, איר און
אײַערע פי און אײַערע בהמות. 18און דאָס איז נאָך ווינציק
אין די אויגן פון גאָט; ער וועט אויך געבן מואָב אין אײַער האַנט.
19און איר וועט שלאָגן יעטוועדער באַפעסטיקטע שטאָט, און
יעטוועדער אויסדערוויילטע שטאָט; און יעטוועדער גוטן בוים

װעט איר אײַנװאַרפֿן, און יעטװעדער קװאַל װאַסער װעט איר
פֿאַרשטאָפּן, און יעטװעדער גוט שטיק פֿעלד װעט איר פֿאַר־
דאַרבן מיט שטײנער.
20און עס איז געװען אין דער פֿרי, װען מע ברענגט אױף־
דעם קרבן, ערשט װאַסער קומט אַרױס פֿון דעם װעג פֿון אֱדום,
און דאָס לאַנד איז פֿול געװאָרן מיטן װאַסער.
21און גאַנץ מואָב האָבן געהערט אַז די מלכים זײַנען אַרױפֿ־
געקומען מלחמה צו האַלטן אױף זײ, און זײ האָבן זיך אײַ־
געזאַמלט, פֿון איטלאַכן װאָס גורט אָן אַן אָנגורט און העכער;
און זײ האָבן זיך געשטעלט בײַם געמאַרק. 22און װי זײ האָבן
זיך געפֿעדערט אין דער פֿרי, אַזױ האָט די זון געשײַנט אױפֿן
װאַסער, און די מואָבים האָבן געזען פֿון װײַטן דאָס װאַסער
רױט אַזױ װי בלוט. 23האָבן זײ געזאָגט: בלוט איז דאָס;
צעקריגן האָבן זיך צעקריגט די מלכים, און זײ האָבן געשלאָגן
אײנער דעם אַנדערן. און אַצונד, צום רױב, מואָב!
24און זײ זײַנען געקומען אין לאַגער פֿון ישׂראל, און די
ישׂראל זײַנען אױפֿגעשטאַנען און האָבן געשלאָגן מואָב ביז זײ
זײַנען אַנטלאָפֿן פֿאַר זײ. און זײ האָבן דאָרטן געשלאָגן און
געשלאָגן מואָב. 25און די שטעט האָבן זײ צעשטערט, און װי
נאָר אַ גוט שטיק פֿעלד, האָבן זײ איטלאַכער געװאָרפֿן אַ שטײן
און האָבן עס אָנגעפֿילט, און יעטװעדער קװאַל װאַסער האָבן
זײ פֿאַרשטאָפּט, און יעטװעדער גוטן בױם האָבן זײ אײַ־
געװאָרפֿן, ביז זײ האָבן בלױז איבערגעלאָזן אירע מױער־
שטײנער אין קיר־חֲרֶשֶׂת; און די שלײדערער האָבן זי אַרומ־
גערינגלט, און האָבן זי צעשלאָגן.
26און דער מלך פֿון מואָב האָט געזען אַז די מלחמה איז
שטאַרקער פֿון אים, און ער האָט גענומען מיט זיך זיבן הונדערט
מאַן װאָס ציען אַ שװערד, כּדי דורכצובּרעכן צו דעם מלך פֿון

אָדום, אָבער זײ האָבן ניט געקענט. 27 האָט ער גענומען זײַן
זון דעם בּכור װאָס האָט געזאָלט קיניגן נאָך אים, און האָט אים
אױפֿגעבראַכט פֿאַר אַ בראַנדאָפּפֿער אױף דער מױער. און
עס איז געװאָרן אַ גרױסער צאָרן אױף ישׂראל; און זײ האָבן
אַװעקגעצױגן פֿון אים, און האָבן זיך אומגעקערט אין לאַנד.

ד 1 און אײנע אַ פֿרױ פֿון די װײַבער פֿון די יונגע נביאים האָט
געשריִען צו אֶלישָען, אַזױ צו זאָגן: דײַן קנעכט, מײַן מאַן,
איז טױט; און דו װײסט אַז דײַן קנעכט איז געװען גאָטס־
פֿאָרכטיק; און דער בּעל־חוֹב איז געקומען נעמען צו זיך מײַנע
צװײ קינדער פֿאַר קנעכט. 2 האָט אֶלישָע צו איר געזאָגט: װאָס
זאָל איך דיר טאָן? זאָג מיר װאָס האָסטו אין הױז? האָט זי געזאָגט:
דײַן דינסט האָט גאָרנישט אין הױז, נאָר בּלױז אַ קריגל אײל.
3 האָט ער געזאָגט: גײ בּאָרג דיר כּלים פֿון דרױסן, פֿון אַלע
דײַנע שכנים, לײדיקע כּלים; זאָלסט ניט קאַרגן. 4 און זאָלסט
אַרײַנגײן און פֿאַרשליסן די טיר הינטער דיר און הינטער דײַנע
זין, און זאָלסט אָנגיסן אין אַלע די דאָזיקע כּלים; און די פֿולע
זאָלסטו אַװעקרוקן.
5 איז זי אַװעקגעגאַנגען פֿון אים, און זי האָט פֿאַרשלאָסן די
טיר הינטער זיך און הינטער אירע זין: זײ האָבן איר דערלאַנגט,
און זי האָט אָנגעגאָסן. 6 און עס איז געװען, װי די כּלים זײַנען
געװאָרן פֿול, אַזױ האָט זי געזאָגט צו איר זון: דערלאַנג מיר
נאָך אַ כּלי. האָט ער צו איר געזאָגט: ניטאָ מער קײן כּלי.
און דאָס אײל האָט זיך אָפּגעשטעלט.
7 איז זי געקומען, און האָט דערצײלט דעם געטלאַכן מאַן,
און ער האָט געזאָגט: גײ פֿאַרקױף דאָס אײל, און בּאַצאָל דײַן
חוֹב, און דו מיט דײַנע זין װעסט לעבן אױף דעם רעשט.
8 און עס איז געװען אײן טאָג, איז אֶלישָע אַריבּערגעגאַנגען
קײן שוּנֵם, און דאָרטן איז געװען אַ רײַכע פֿרױ, האָט זי אים

פאַרהאַלטן צו עסן ברויט. און עס איז געווען, אַז ווען נאָר ער
איז דורכגעגאַנגען, פלעגט ער פאַרקערן אַהין צו עסן ברויט.
9 האָט זי געזאָגט צו איר מאַן: זע, איך בעט דיך, איך ווייס אַז
דאָס איז אַ הייליקער מאַן פון גאָט וואָס גייט דורך ביי אונדז
תּמיד. 10 לאָמיר מאַכן, איך בעט דיך, אַ קליין געמויערט
אויבערשטיבל, און לאָמיר דאָרטן אַוועקשטעלן פאַר אים אַ
בעט, און אַ טיש און אַ שטול, און אַ לאָמפּ. און עס וועט זיין, ווי
ער קומט צו אונדז, אַזוי וועט ער אײַנקערן אַהין.

11 און עס איז געווען איין טאָג, איז ער אַהין געקומען, און
ער האָט אײַנגעקערט אין דער אויבערשטוב, און האָט זיך
דאָרטן געלייגט. 12 און ער האָט געזאָגט צו זיין יונג גיחזי: רוף
דידאָזיקע שונמית. האָט ער זי גערופן, און זי האָט זיך
געשטעלט פאַר אים.

13 האָט ער צו אים געזאָגט: זאָג אָקאָרשט צו איר: זע, דו
האָסט געזאָרגט פון אונדזערטוועגן דידאָזיקע גאַנצע זאָרג; וואָס
איז דאָ צו טאָן פאַר דיר? איז דאָ צו רעדן פאַר דיר צום מלך
אָדער צום האַר פון חיל? האָט זי געזאָגט: צווישן מיין שטאָם
זיץ איך.

14 האָט ער געזאָגט: וואָס איז פאָרט דאָ צו טאָן פאַר איר?
האָט גיחזי געזאָגט: פאַרוואָר, זי האָט ניט קיין קינד, און איר
מאַן איז אַלט. 15 האָט ער געזאָגט: רוף זי. און ער האָט זי
גערופן, און זי האָט זיך געשטעלט אין טיר. 16 האָט ער געזאָגט:
אין דער צייט, אַזוי ווי איצט איבער אַ יאָר, וועסטו האַלדזן אַ
זון. האָט זי געזאָגט: ניין, מיין האַר געטלאַכער מאַן! זאָלסט
ניט נאַרן דיין דינסט.

17 און די פרוי איז טראָגעדיק געוואָרן, און זי האָט געבאָרן
אַ זון אין דער צייט, אין אַ יאָר אַרום, אַזוי ווי אלישע האָט צו
איר גערעדט.

18און דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן; און עס איז געווען איין
טאָג, איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיין פאָטער בײַ די שניטערס.
19און ער האָט געזאָגט צו זיין פאָטער: מיין קאָפּ, מיין קאָפּ!
האָט ער געזאָגט צום יונג: טראָג אים אַוועק צו זיין מוטער.
20האָט ער אים אַוועקגעטראָגן און אים געבראַכט צו זיין מוטער.
און ער איז געזעסן אויף אירע קני ביז האַלבן טאָג, און איז
געשטאָרבן.

21איז זי אַרויפגעגאַנגען, און האָט אים אַוועקגעלייגט אויפן
בעט פון דעם געטלאַכן מאַן, און זי האָט אים פאַרשלאָסן, און
איז אַרויסגעגאַנגען. 22און זי האָט גערופן צו איר מאַן און האָט
געזאָגט: שיק מיר, איך בעט דיך, איינעם פון די יונגען מיט
איינער פון די אייזעלינס, און איך וועל אַריבערלויפן צום
געטלאַכן מאַן, און וועל זיך אומקערן. 23האָט ער צו איר
געזאָגט: פאַרוואָס גייסטו צו אים היינט, ניט ראָשחודש און ניט
שבת? האָט זי געזאָגט: עס איז פריד.

24און זי האָט אָנגעזאָטלט די אייזעלין, און האָט געזאָגט צו
איר יונג: טרייב און גיי; זאָלסט מיך ניט אויפהאַלטן אין רייטן,
סיידן איך האָב דיר געהייסן.

25און זי איז געגאַנגען און געקומען צום געטלאַכן מאַן אויפן
באַרג כּרמל. און עס איז געווען, ווי דער געטלאַכער מאַן האָט
זי דערזען פון ווייטן, אַזוי האָט ער געזאָגט צו זיין יונג גיחזי:
אָט איז יענע שונמית. 26אַצונד לויף אַקעגן איר אַנטקעגן,
און זאָג צו איר: איז פריד צו דיר? איז פריד צו דיין מאַן? איז
פריד צום קינד? האָט זי געזאָגט: פריד.

27און זי איז געקומען צום געטלאַכן מאַן אויפן באַרג, און
זי האָט זיך אָנגענומען אָן זיינע פיס; האָט גיחזי גענענט זי אַוועק־
צושטויסן, אָבער דער געטלאַכער מאַן האָט געזאָגט: לאָז זי אָפּ,

וואָרום איר זעל איז פאַרביטערט, און גאָט האָט פאַרהוילן פון
מיר, און האָט מיר ניט דערציילט.

28 האָט זי געזאָגט: האָב איך דען געבעטן אַ זון בײַ מײַן האַר?
האָב איך ניט געזאָגט: זאָלסט מיך ניט גענאַרן?

29 האָט ער געזאָגט צו גֵיחזין, גורט אָן דײַנע לענדן, און נעם
מײַן שטעקן אין דײַן האַנט, און גיי; אַז דו וועסט אָנטרעפן עמיצן,
זאָלסטו אים ניט באַגריסן, און אַז עמיצער וועט דיך באַגריסן,
זאָלסטו אים ניט ענטפערן; און זאָלסט אַרויפטאָן מײַן שטעקן
אויפן אינגלס פּנים.

30 האָט געזאָגט די מוטער פון אינגל: אַזוי ווי גאָט לעבט,
און אַזוי ווי דײַן זעל לעבט, אויב איך וועל דיך אָפּלאָזן!
איז ער אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען נאָך איר.

31 און גֵיחזי איז אַוועקגעגאַנגען זיי פאַרויס, און האָט אַרויפ־
געטאָן דעם שטעקן אויפן אינגלס פּנים, אָבער קיין קָול און קיין
הערונג. האָט ער זיך אומגעקערט אים אַנטקעגן, און האָט
אים דערציילט, אַזוי צו זאָגן: דער אינגל האָט זיך ניט אויפ־
געכאַפּט.

32 און אֶלִישָע איז געקומען אין הויז, ערשט דער אינגל איז
טויט, אַוועקגעלייגט אויף זײַן בעט. 33 איז ער אַרײַנגעגאַנגען
און האָט פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיי צווייען, און ער האָט
מתפּלל געווען צו גאָט. 34 און ער איז אַרויף און האָט זיך
געלייגט איבערן קינד, און האָט אַרויפגעטאָן זײַן מויל אויף זײַן
מויל, און זײַנע אויגן אויף זײַנע אויגן, און זײַנע הענט אויף זײַנע
הענט, און ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף אים, ביז דער לײַב
פון אינגל איז געוואָרן וואַרעם. 35 און ער האָט זיך אומגעקערט,
און איז אומגעגאַנגען אין הויז איין מאָל אַהין און איין מאָל אַהער;
און ער איז אַרויף און האָט זיך אויסגעצויגן אויף אים; און דער

אינגל האָט גענאָסן ביז זיבן מאָל, און דער אינגל האָט אויפֿ־
געמאַכט זײַנע אויגן.
36האָט ער גערופֿן גֵיחזין, און האָט געזאָגט: רוף די דאָזיקע
שונמית. האָט ער זי גערופֿן, און זי איז אַרײַנגעקומען צו אים;
האָט ער געזאָגט: נעם דײַן זון.
37איז זי צוגעקומען, און איז געפֿאַלן צו זײַנע פֿיס, און האָט
זיך געבוקט צו דער ערד. און זי האָט גענומען איר זון, און איז
אַרויסגעגאַנגען.
38און אֶלִישָע האָט זיך אומגעקערט קיין גִלגָל; און אַ הונגער
איז געווען אין לאַנד; און די יונגע נביאים זײַנען געזעסן פֿאַר
אים; האָט ער געזאָגט צו זײַן יונג: שטעל צו דעם גרויסן טאָפּ,
און קאָך אָפּ אַ געקעכץ פֿאַר די יונגע נביאים. 39איז אײנער
אַרויסגעגאַנגען אין פֿעלד קלײַבן קרײַטאַכער, און ער האָט
געפֿונען אַ פֿעלדבוימל און האָט אָנגעקליבן דערפֿון ווילדע
אוגערקעס אַ פֿול קלײד זײַנס. און ער איז געקומען און האָט
עס אַרײַנגעשניטן אין טאָפּ געקעכץ; ווײַל זײ האָבן עס ניט
געקענט. 40האָט מען אַרײַנגעגאָסן די מענטשן צום עסן; און
עס איז געווען, ווי זײ האָבן געגעסן פֿון דעם געקעכץ, אַזוי
האָבן זײ אויסגעשריען און געזאָגט: טויט איז אין טאָפּ,
געטלעכער מאַן. און זײ האָבן ניט געקענט עסן. 41האָט ער
געזאָגט: טאָ ברענגט מעל. און ער האָט אַרײַנגעשאָטן אין טאָפּ,
און האָט געזאָגט: גיס אַרײַן פֿאַר די מענטשן, און זאָלן זײ עסן.
און קײן שום בײז איז אין טאָפּ ניט געווען.
42און אַ מאַן איז געקומען פֿון בַעַל־שָלִשָה, און האָט
געבראַכט דעם געטלעכן מאַן ברויט פֿון ערשטער תבואה,
צוואַנציק גערשטענע ברויטן, און פֿרישע זאַנגען אין זײַן זאַק.
האָט ער געזאָגט: גיב די מענטשן, און זאָלן זײ עסן. 43האָט זײַן
משרת געזאָגט: ווי קען איך דאָס דערלאַנגען פֿאַר הונדערט

מאַך? האָט ער געזאָגט: גיב די מענטשן, און זאָלן זיי עסן. וואָרום
אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זיי וועלן עסן און נאָך איבערלאָזן. [44]און
ער האָט דערלאַנגט פאַר זיי, און זיי האָבן געגעסן און נאָך
איבערגעלאָזן, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט.

ה [1]און נַעֲמָן דער חיל־פירער פון דעם מלך פון אֲרָם איז
געווען אַ גרויסער מאַן ביי זיין האַר, און אָנגעזען, וואָרום
דורך אים האָט גאָט געגעבן אַ גרויסע ישועה צו אֲרָם. און דער
מאַן איז געווען אַ העלדישער גיבור, אָבער אַ מצורע.
[2]און די אֲרַמים זיינען אַרויסגעגאַנגען אין באַנדעס, און האָבן
געפאַנגען פון לאַנד ישראל אַ קליין מיידל; און זי האָט באַדינט
נַעֲמָנס וויב. [3]האָט זי געזאָגט צו איר האַרנטע: הלוואַי איז
מיין האַר ביי דעם נביא וואָס אין שומרון; ער וואָלט אים
דענסמאָל אויסגעהיילט פון זיין צרעת.
[4]איז ער געקומען און האָט דערציילט זיין האַר, אַזוי צו
זאָגן: אַזוי און אַזוי האָט גערעדט די מיידל וואָס פון לאַנד
ישראל. [5]האָט דער מלך פון אֲרָם געזאָגט: קום גיי, און איך
וועל שיקן אַ בריוו צו דעם מלך פון ישראל.
איז ער געגאַנגען, און ער האָט גענומען מיט זיך צען
צענטנער זילבער, און זעקס טויזנט גאָלדשטיק, און צען גאַנג
קליידער. [6]און ער האָט געבראַכט דעם בריוו צו דעם מלך
פון ישראל, אַזוי צו זאָגן: און אַצונד, ווי דערדאָזיקער בריוו
קומט צו דיר, אָט האָב איך דיר געשיקט מיין קנעכט נַעֲמָנען,
זאָלסטו אים אויסהיילן פון זיין צרעת.
[7]און עס איז געווען, ווי דער מלך פון ישראל האָט איבער־
געלייענט דעם בריוו, אַזוי האָט ער צעריסן זיינע קליידער, און
האָט געזאָגט: בין איך דען אַ גאָט צו טייטן און צו מאַכן
לעבעדיק, אַז דערדאָזיקער שיקט צו מיר, צו היילן אַ מענטשן

פון זיין צרעת? יאָ, מערקט נאָר, איך בעט אײַך, און זעט, אַז אַן
אויסרייד זוכט ער אָקעגן מיר.
חאון עס איז געווען, ווי אֶלִישָע דער געטלעכער מאַן האָט
געהערט אַז דער מלך פון ישראל האָט צעריסן זיינע קליידער,
האָט ער געשיקט צום מלך, אַזוי צו זאָגן: פאַרוואָס האָסטו
צעריסן דיינע קליידער? זאָל ער אָקאָרשט קומען צו מיר, און
ער וועט וויסן אַז עס איז דאָ אַ נביא אין ישראל.
טאיז נַעֲמָן געקומען מיט זיינע פערד און מיט זיינע רייטוועגן,
און האָט זיך געשטעלט פאַר דעם אײַנגאַנג פון אֶלִישָעס הויז.
יהאָט אֶלִישָע געשיקט צו אים אַ שליח, אַזוי צו זאָגן: גיי,
און וואָלסט זיך באָדן זיבן מאָל אין יַרדן, און דיין לײַב וועט
זיך אומקערן צו דיר, און וועסט ווערן ריין.
יאהאָט נַעֲמָן געצערנט, און ער איז אַוועקגעגאַנגען, און
האָט געזאָגט: זע, איך האָב געמיינט, אַרויסגיין וועט ער אַרויס־
גיין צו מיר, און וועט זיך אַוועקשטעלן, און וועט רופן צו דעם
נאָמען פון יהוה זיין גאָט, און פאָכן מיט זיין האַנט אויף דעם
אָרט, און אַוועקנעמען די צרעת. יבזיינען ניט אֲמָנָה און פַּרפַּר,
די טייכן פון דַמֶשֶק, בעסער פון אַלע וואַסערן פון ישראל? קען
איך זיך ניט באָדן אין זיי, און ווערן ריין? און ער האָט זיך אומ־
געקערט און איז אַוועקגעגאַנגען מיט גרימצאָרן.
יגהאָבן זיינע קנעכט גענענט, און האָבן גערעדט צו אים און
געזאָגט: מיין פאָטער, אַז דער נביא וואָלט דיר געהייסן אַ
גרויסע זאַך, וואָלסטו דען ניט געטאָן? היינט ווי אַז ער זאָגט דיר
נאָר: באָד זיך, און ווער ריין?
ידהאָט ער אַראָפּגענידערט און זיך געטובלט אין יַרדן זיבן
מאָל, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון דעם געטלעכן מאַן, און זיין לײַב
האָט זיך אומגעקערט אַזוי ווי דער לײַב פון אַ קליין אינגל, און
ער איז געוואָרן ריין.

15האָט ער זיך אומגעקערט צום געטלאַכן מאַן, ער מיט
זיין גאַנצער מחנה, און ער איז געקומען און האָט זיך געשטעלט
פאַר אים, און האָט געזאָגט: אָט אַצונד ווייס איך אַז ניטאָ קיין
גאָט אויף דער גאַנצער ערד נאָר בלויז אין ישׂראל. און אַצונד,
נעם אָן, איך בעט דיך, אַ מתּנה פון דיין קנעכט. 16האָט ער
געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט יהוה וואָס איך שטיי פאַר אים, אויב
איך וועל נעמען! און ער איז צוגעשטאַנען צו אים צו נעמען,
אָבער ער האָט ניט געוואָלט. 17האָט נַעֲמָן געזאָגט: אויב דאָס
ניט, זאָל, איך בעט דיך, געגעבן ווערן דיין קנעכט ערד, די
משׂא פון צווי מוילאייזלען; וואָרום דיין קנעכט וועט מער ניט
מאַכן בראַנדאָפּפער אָדער שלאַכטאָפּפער צו אַנדערע געטער
נאָר בלויז צו יהוה. 18פאַר דערדאָזיקער זאַך זאָל יהוה פאַר־
געבן דיין קנעכט: ווען מיין האַר קומט אין הויז פון רמון זיך
דאָרטן צו בוקן, און ער איז אָנגעלענט אויף מיין האַנט, און איך
וועל זיך בוקן אין הויז פון רמון, ווען איך מוז זיך בוקן אין הויז
פון רמון, זאָל יהוה פאַרגעבן דיין קנעכט אין דערדאָזיקער
זאַך. 19האָט ער צו אים געזאָגט: גיי בשלום. און ער איז
אַוועקגעגאַנגען פון אים אַ שטרעק לאַנד.

20און גֵיחזי, דער יונג פון אֶלישע דעם געטלאַכן מאַן, האָט
געזאָגט: אָט האָט מיין האַר אָפּגעזאָגט דעמדאָזיקן נַעֲמָן דעם
אַרמי, אָנצונעמען פון זיין האַנט דאָס וואָס ער האָט געבראַכט.
אַזוי ווי גאָט לעבט, אַז איך מוז אים נאָכלויפן, און נעמען פון
אים עפּעס!

21און גיחזי האָט נאָכגעיאָגט נַעֲמָנען; און ווי נַעֲמָן האָט געזען
עמיצן לויפן נאָך אים, אַזוי איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון רייט־
וואָגן אים אַנטקעגן, און האָט געזאָגט: איז פריד? 22האָט ער
געזאָגט: פריד. מיין האַר האָט מיך געשיקט, אַזוי צו זאָגן: אָט
אָקאָרשט אַצונד זיינען געקומען צו מיר צוויי יונגעלייט פון

דעם געבערג פון אפרים, פון די יונגע נביאים. גיב פאַר זיי,
איך בעט דיך, אַ צענטנער זילבער און צוויי גאַנג קליידער.
[23]האָט נַעֲמָן געזאָגט: באַוויליק, נעם צוויי צענטנער. און ער
איז צוגעשטאַנען צו אים, און האָט אײַנגעבונדן צוויי צענטנער
זילבער אין צוויי זעקלאַך, און צוויי גאַנג קליידער, און געגעבן
צו צוויי פון זײַנע יונגען, און זיי האָבן עס געטראָגן אים פאָרויס.
[24]און ווי ער איז געקומען צום בערגל, אַזוי האָט ער עס
צוגענומען פון זייער האַנט, און באַהאַלטן אין הויז; און ער
האָט אַוועקגעשיקט די מענטשן, און זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען.
[25]און ער איז געקומען און האָט זיך געשטעלט פאַר זײַן
האַר. האָט אֶלִישָע צו אים געזאָגט: פון וואַנען, גֵיחֲזִי? האָט
ער געזאָגט: דײַן קנעכט איז אין ערגעץ ניט געגאַנגען. [26]האָט
ער צו אים געזאָגט: איז ניט מײַן האַרץ מיטגעגאַנגען ווען אַ מאַן
האָט זיך אומגעדרייט פון זײַן רייטוואָגן דיר אַנטקעגן? איז דאָס
אַ צײַט צו נעמען זילבער, און נעמען קליידער, אָדער
איילבערטגערטנער און ווײַנגערטנער, אָדער שאָף און רינדער,
אָדער קנעכט און דינסטן? [27]דרום זאָל נַעֲמָנס צרעת זיך
באַהעפטן אָן דיר און אָן דײַן זאָמען אויף אייביק.
און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון פאַר אים מצורע [ווײַס]
ווי שניי.

ו [1]און די יונגע נביאים האָבן געזאָגט צו אֶלִישָען: זע נאָר, דער
אָרט וווּ מיר זיצן פאַר דיר איז צו ענג פאַר אונדז. [2]לאָמיר
גיין ביזן יַרדן, און לאָמיר נעמען פון דאָרטן איטלאַכער פון
אונדז איין קלאָץ, און לאָמיר אונדז דאָרטן מאַכן אַן אָרט צו
וווינען דאָרטן. האָט ער געזאָגט: גייט. [3]האָט איינער געזאָגט:
באַוויליק, איך בעט דיך, און גיי מיט דײַנע קנעכט. האָט ער
געזאָגט: איך וועל גיין.
[4]איז ער געגאַנגען מיט זיי, און זיי זײַנען געקומען צום יַרדן,

און זײ האָבן אָפּגעהאַקט די בוימער. [5]און עס איז געווען, ווי
אײנער וואַרפט אום אַ קלאָץ, אַזוי איז דער אײַזן אַרײַנגעפאַלן
אין וואַסער, און ער האָט אויסגעשריען און געזאָגט: ווײ, מײַן
האַר, וואָרום ער איז אַ געליִענער. [6]האָט דער געטלאַכער
מאַן געזאָגט: וווּ איז ער אַרײַנגעפאַלן? האָט ער אים געוויזן דעם
אָרט, און ער האָט אָפּגעשניטן אַ העלצל, און האָט עס אַהין
אַרײַנגעוואָרפן, און דער אײַזן איז אַרויפגעשווומען. [7]און ער
האָט געזאָגט: הײב דיר אים אַרויס; האָט ער אויסגעשטרעקט
זײַן האַנט, און האָט אים אַרויסגענומען.

[8]און דער מלך פון אַרם האָט געהאַלטן מלחמה אויף
ישׂראל, און ער האָט אָפּגערעדט מיט זײַנע קנעכט, אַזוי צו
זאָגן: אין יענעם און יענעם אָרט וועט זײַן מײַן לאַגערונג.
[9]האָט דער געטלאַכער מאַן געשיקט צו דעם מלך פון
ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: היט זיך פאַרבײַצוגײן דעמדאָזיקן אָרט,
וואָרום אַהין לאָזן זיך אַראָפּ די אַרמים. [10]און דער מלך פון
ישׂראל האָט געשיקט צו דעם אָרט וואָס דער געטלאַכער מאַן
האָט אים געזאָגט און אים געוואָרנט; און ער האָט זיך דאָרטן
אויסגעהיט ניט אײן מאָל און ניט צווײ מאָל.
[11]איז אויפגערודערט געוואָרן דאָס האַרץ פון דעם מלך
פון אַרם איבער דערדאָזיקער זאַך, און ער האָט גערופן זײַנע
קנעכט, און האָט צו זײ געזאָגט: קענט איר מיר ניט זאָגן, ווער
פון אונדזערע איז מיט דעם מלך פון ישׂראל? [12]האָט אײנער
פון זײַנע קנעכט געזאָגט: נײן, מײַן האַר מלך; נײערט אֶלישע
דער נביא וואָס אין ישׂראל דערצײלט דעם מלך פון ישׂראל
די רײד וואָס דו רעדסט אין דײַן שלאָפקאַמער. [13]האָט ער
געזאָגט: גײט און זעט ווו ער איז, און איך וועל שיקן און וועל
אים נעמען.

איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן, אַזוי צו זאָגן: ער איז אין דותן.

[14]און ער האָט געשיקט אַהין פערד און רייטוועגן און אַ גרויסן
חיל, און זיי זיינען געקומען ביי נאַכט, און האָבן אַרומגערינגלט
די שטאָט. [15]און דער משרת פון דעם געטלאַכן מאַן האָט זיך
געפעדערט אויפצושטיין, און ער איז אַרויסגעגאַנגען, ערשט אַ
חיל רינגלט אַרום די שטאָט, מיט פערד און רייטוועגן. האָט
זיין יונג צו אים געזאָגט: ווי, מיין האַר, וואָס זאָלן מיר טאָן?
[16]האָט ער געזאָגט: זאָלסט ניט מורא האָבן; וואָרום די וואָס מיט
אונדז זיינען מער ווי די וואָס מיט זיי.
[17]און אֶלישע האָט מתפלל געווען און האָט געזאָגט: גאָט,
עפן, איך בעט דיך, זיינע אויגן, און זאָל ער זען. האָט גאָט
געעפנט די אויגן פון דעם יונג, און ער האָט געזען, ערשט דער
באַרג איז פול מיט פערד און רייטוועגן פייערדיקע רונד אַרום
אֶלישען.
[18]און ווי זיי האָבן אַראָפּגענידערט צו אים, אַזוי האָט אֶלישע
מתפלל געווען צו גאָט, און האָט געזאָגט: שלאָג, איך בעט דיך,
דאָסדאָזיקע פאָלק מיט בלינדקייט. האָט ער זיי געשלאָגן
מיט בלינדקייט, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון אֶלישען. [19]און אֶלישע
האָט צו זיי געזאָגט: ניט דאָס איז דער וועג, און ניט דאָס איז די
שטאָט. גייט מיר נאָך, און איך וועל אייך פירן צו דעם מאַן
וואָס איר זוכט. און ער האָט זיי אַוועקגעפירט קיין שומרון.
[20]און עס איז געווען, ווי זיי זיינען געקומען קיין שומרון,
אַזוי האָט אֶלישע געזאָגט: גאָט, עפן די אויגן פון דידאָזיקע,
זיי זאָלן זען. האָט גאָט געעפנט זייערע אויגן, און זיי האָבן
געזען, ערשט זיי זיינען אין מיטן שומרון. [21]און דער מלך פון
ישׂראל האָט געזאָגט צו אֶלישען, ווען ער האָט זיי געזען: זאָל
איך דערשלאָגן? זאָל איך דערשלאָגן, מיין פאָטער? [22]האָט ער
געזאָגט: זאָלסט ניט דערשלאָגן. צו די וואָס דו האָסט געפאַנגען
מיט דיין שווערד און מיט דיין בויגן דערשלאָגסט דו דאָס?

שטעל פאַר זיי ברויט און וואַסער, און זאָלן זיי עסן און טרינקען,
און גיין צו זייער האַר.
[23]האָט ער זיי געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט, און זיי האָבן
געגעסן און געטרונקען, און ער האָט זיי אַוועקגעשיקט, און זיי
זיינען אַוועקגעגאַנגען צו זייער האַר.
און די באַנדעס פון אַרם זיינען מער ווידער ניט געקומען
אין לאַנד פון ישׂראל.
[24]און עס איז געווען נאָך דעם, האָט בֶּן־הֲדַד דער מלך פון
אַרם איינגעזאַמלט זיין גאַנצן חיל, און ער איז אַרויפגעגאַנגען און
האָט געלעגערט אויף שומרון. [25]און עס איז געוואָרן אַ
גרויסער הונגער אין שומרון, בעת־אָ זיי האָבן געלעגערט
אויף איר, ביז אַ קאָפּ פון אַן אייזל איז געווען אַכציק זילבער־
שטיק, און אַ פערטל קַב טויבנמיסט פינף זילבערשטיק. [26]און
עס איז געווען, ווי דער מלך פון ישׂראל איז פאַרבייגעגאַנגען
אויף דער מויער, האָט אַ פרוי געשריען צו אים, אַזוי צו זאָגן:
העלף, מיין האַר מלך. [27]האָט ער געזאָגט: אַז גאָט העלפט
דיר ניט, פון וואַנען זאָל איך דיר העלפן? פון שייער צי פון
קעלטער? [28]און דער מלך האָט צו איר געזאָגט: וואָס איז דיר?
האָט זי געזאָגט: דידאָזיקע פרוי האָט צו מיר געזאָגט: גיב אַהער
דיין זון, און מיר וועלן אים היינט אויפעסן, און מיין זון וועלן
מיר אויפעסן מאָרגן. [29]האָבן מיר אָפּגעקאָכט מיין זון, און
מיר האָבן אים אויפגעגעסן; און אַז איך האָב צו איר געזאָגט
אויפן אַנדערן טאָג: גיב אַהער דיין זון, און מיר וועלן אים אויפ־
עסן, האָט זי באַהאַלטן איר זון.
[30]און עס איז געווען, ווי דער מלך האָט געהערט די
ווערטער פון דער פרוי, אַזוי האָט ער צעריסן זיינע קליידער,
בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען אויף דער מויער, און דאָס פאָלק
האָט געזען, ערשט זאַק איז אויף זיין לייב פון אונטן. [31]און ער

האָט געזאָגט: זאָל מיר גאָט טאָן אַזוי און נאָך מער, אויב דער
קאָפּ פון אֶלִישָע דעם זון פון שָפָטן וועט בלײַבן אויף אים הײַנט!
32 און אֶלִישָע איז געזעסן אין זײַן הויז, און די עלטסטע זײַנען
געזעסן מיט אים. און [דער מלך] האָט געשיקט פון זיך אַ מאַן.
אָבער אײדער דער שליח איז אָנגעקומען צו אים, האָט ער
געזאָגט צו די עלטסטע: איר זעט ווי דער דאָזיקער זון פון דעם
רוצח שיקט אַראָפּצונעמען מײַן קאָפּ? זעט, ווי דער שליח קומט,
פאַרשליסט די טיר, און איר זאָלט זיך אָנשפּאַרן אָן דער טיר
אָקעגן אים. פאַרוואָר, דער שאָרך פון זײַן האַרס פיס איז
הינטער אים.
33 ווי ער רעדט נאָך מיט זיי, ערשט דער שליח נידערט
אַראָפּ צו אים. און [דער מלך] האָט געזאָגט: זע, דאָסדאָזיקע
בייז איז פון גאָט; וואָס קען איך נאָך האָפן פון גאָט?
ז 1 האָט אֶלִישָע געזאָגט: הערט דאָס וואָרט פון גאָט: אַזוי
האָט גאָט געזאָגט: מאָרגן אין דער צייט, וועט אַ סְאָה זעמל-
מעל זײַן פאַר אַ שֶקל, און צוויי סְאָה גערשטן פאַר אַ שֶקל, אין
דעם טויער פון שומרון.
2 האָט דער הויפּטמאַן וואָס דער מלך איז געווען אָנגעלענט
אויף זײַן האַנט, געענטפערט דעם געטלאַכן מאַן, און האָט
געזאָגט: אַפילו גאָט זאָל מאַכן פענצטער אין הימל, קען דען
דידאָזיקע זאַך געשען? האָט ער געזאָגט: אָט וועסטו זען מיט
דײַנע אויגן, אָבער עסן דערפון וועסטו ניט.
3 און פיר מענטשן מצורעים זײַנען געווען בײַם אײַנגאַנג פון
טויער; האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן: וואָס זיצן מיר
דאָ ביז מיר וועלן שטאַרבן? 4 זאָלן מיר זאָגן: מיר וועלן אַרײַנגיין
אין שטאָט, איז דער הונגער אין שטאָט, און מיר וועלן דאָרטן
שטאַרבן; און אויב מיר וועלן דאָ זיצן, וועלן מיר אויך שטאַרבן.
דרום קומט אַצונד און לאָמיר צופאַלן צו דעם לאַגער פון אַרָם;

אויב זיי וועלן אונדז לאָזן לעבן, וועלן מיר לעבן, און אויב זיי
וועלן אונדז טייטן, וועלן מיר שטאַרבן.
5 זיינען זיי אויפגעשטאַנען אין אָוונט צו גיין צו דעם לאַגער
פון אַרָם, און זיי זיינען געקומען צום עק לאַגער פון אַרָם, ערשט
דאָרטן איז קיין מענטש ניטאָ. 6 וואָרום גאָט האָט געמאַכט הערן
אין דעם לאַגער פון אַרָם אַ ליאַרעם פון רייטוועגן, און אַ
ליאַרעם פון פערד, אַ ליאַרעם פון אַ גרויסן חיל, און זיי האָבן
געזאָגט איינער צום אַנדערן: זע, דער מלך פון ישׂראל האָט
אָנגעדונגען אויף אונדז די מלכים פון די חִתּים, און די מלכים
פון מִצרַיִם, צו קומען אויף אונדז. 7 און זיי זיינען אויפגעשטאַנען
און זיינען אַנטלאָפן אין אָוונט, און האָבן איבערגעלאָזט זייערע
געצעלטן, און זייערע פערד און זייערע אייזלען, דעם לאַגער
אַזוי ווי ער איז, און זיינען אַנטלאָפן אום זייער לעבן.
8 און דידאָזיקע מצוֹרעים זיינען געקומען צום עק לאַגער,
און זיינען אַריינגעגאַנגען אין איין געצעלט, און האָבן געגעסן און
געטרונקען, און אַרויסגעטראָגן פון דאָרטן זילבער און גאָלד,
און בגדים, און זיי זיינען געגאַנגען און האָבן באַהאַלטן; און זיי
זיינען צוריקגעקומען און זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַן אַנדער
געצעלט, און האָבן אַרויסגעטראָגן פון דאָרטן, און זיינען
געגאַנגען און האָבן באַהאַלטן. 9 און זיי האָבן געזאָגט איינער
צום אַנדערן: מיר טוען ניט רעכט; היינטיקער טאָג איז אַ טאָג
פון בשׂורה, און מיר שווייגן. אַז מיר וועלן וואַרטן ביזן ליכט
פון פרימאָרגן, וועט אונדז טרעפן אַ שטראָף. דרום קומט
אַצונד, און לאָמיר אַריינגיין און דערציילן אין הויז פון מלך.
10 זיינען זיי געגאַנגען און האָבן גערופן צו די טויערלייט
פון שטאָט, און זיי האָבן זיי דערציילט, אַזוי צו זאָגן: מיר זיינען
געקומען אין לאַגער פון אַרָם, ערשט דאָרטן איז ניטאָ קיין מאַן
און קיין קול פון אַ מענטשן; נאָר די פערד זיינען צוגעבונדן,

און די אייזלען זיינען צוגעבונדן, און די געצעלטן אַזוי ווי זיי
זיינען געווען.
11 האָבן די טויערלייט גערופן, און מע האָט אָנגעזאָגט
אינעווייניק אין מלכס הויז. 12 איז דער מלך אויפגעשטאַנען
אין דער נאַכט, און ער האָט געזאָגט צו זיינע קנעכט: לאָמיר
אײַך זאָגן וואָס די אַרַמים האָבן אונדז דאָ געטאָן: זיי ווייסן אַז
מיר זיינען הונגעריקע, דרום זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער
זיך צו באַהאַלטן אין פעלד, אַזוי צו זאָגן: ווי זיי וועלן אַרויסגיין
פון שטאָט, אַזוי וועלן מיר זיי כאַפּן לעבעדיקערהייט, און מיר
וועלן אַריינגיין אין שטאָט.
13 האָט זיך אָנגערופן איינער פון זיינע קנעכט און האָט
געזאָגט: טאָ זאָל מען, איך בעט דיך, נעמען פינף פון די
געבליבענע פערד וואָס זיינען דאָ געבליבן—זיי זיינען דאָך אַזוי
ווי דער גאַנצער המון פון ישׂראל וואָס זיינען דאָ געבליבן; זיי
זיינען דאָך אַזוי ווי דער גאַנצער המון פון ישׂראל וואָס גייען
אויס—און לאָמיר שיקן און זען.
14 האָבן זיי גענומען צוויי רייטוועגן מיט פערד, און דער
מלך האָט זיי געשיקט נאָך דעם חיל פון אַרָם, אַזוי צו זאָגן: גייט
און זעט.
15 זיינען זיי געגאַנגען נאָך זיי ביזן יַרדן; ערשט דער גאַנצער
וועג איז פול מיט בגדים און זאַכן וואָס די אַרַמים האָבן
אַוועקגעוואָרפן אין זייער אײַלעניש. האָבן די שלוחים זיך אומ־
געקערט, און האָבן דערציילט דעם מלך. 16 איז אַרויסגעגאַנגען
דאָס גאַנצע פאָלק, און זיי האָבן אויסגערויבט דעם לאַגער
פון אַרָם; און אַ סאָה זעמלמעל איז געוואָרן פאַר אַ שקל, און
צוויי סאָה גערשטן פאַר אַ שקל, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט.
17 און דער מלך האָט אויפגעזעצט דעם הויפּטמאַן וואָס
ער איז געווען אָנגעלענט אויף זיין האַנט, איבער דעם טויער.

האָט אים דאָס פֿאָלק צעטרעטן אין טויער, און ער איז
געשטאָרבן. אַזוי ווי עס האָט גערעדט דער געטלאַכער מאַן,
וואָס ער האָט גערעדט ווען דער מלך האָט אַראָפּגענידערט
צו אים. [18]וואָרום עס איז געווען, אַז דער געטלאַכער מאַן
האָט גערעדט צום מלך, אַזוי צו זאָגן: צוויי סאָה גערשטן וועלן
זיין פֿאַר אַ שקל, און אַ סאָה זעמלמעל פֿאַר אַ שקל, מאָרגן
אין דער צייט אין טויער פֿון שומרון, [19]האָט דער הויפּטמאַן
זיך אָפּגערופֿן צום געטלאַכן מאַן, און האָט געזאָגט: און אַפֿילו
גאָט זאָל מאַכן פֿענצטער אין הימל, קען דען געשען אַזוי ווי
דידאָזיקע זאַך? האָט ער געזאָגט: אָט וועסטו זען מיט דיינע
אויגן, אָבער עסן דערפֿון וועסטו ניט. [20]און אים איז אַזוי געשען
און דאָס פֿאָלק האָט אים צעטרעטן אין טויער, און ער איז
געשטאָרבן.

ח [1]און אֶלישע האָט גערעדט צו דער פֿרוי וואָס ער האָט
לעבעדיק געמאַכט איר זון, אַזוי צו זאָגן: שטיי אויף און
גיי, דו און דיין הויזגעזינט, און האַלט זיך אויף ווו דו וועסט זיך
אויפֿהאַלטן, וואָרום גאָט האָט גערופֿן אַ הונגער, און ער קומט
אויך איבערן לאַנד אויף זיבן יאָר.
[2]איז די פֿרוי אויפֿגעשטאַנען, און האָט געטאָן אַזוי ווי דאָס
וואָרט פֿון דעם געטלאַכן מאַן, און זי איז געגאַנגען מיט איר
הויזגעזינט, און האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין לאַנד פֿון די פּלשתּים
זיבן יאָר. [3]און עס איז געווען צום סוף פֿון די זיבן יאָר, האָט
די פֿרוי זיך אומגעקערט פֿון לאַנד פֿון די פּלשתּים, און זי איז
אַרויסגעגאַנגען שרייען צום מלך וועגן איר הויז און וועגן איר
פֿעלד. [4]און דער מלך האָט גראָד גערעדט צו גֵיחזי דעם יונג
פֿון דעם געטלאַכן מאַן, אַזוי צו זאָגן: דערצייל מיר אַקאָרשט
אַלע גרויסע זאַכן וואָס אֶלישע האָט געטאָן. [5]און עס איז געווען,
ווי ער דערציילט אַזוי דעם מלך, אַז ער האָט לעבעדיק

געמאַכט דעם טויטן, ערשט די פרוי וואָס ער האָט לעבעדיק
געמאַכט איר זון, שרייט צום מלך וועגן איר הויז און וועגן איר
פעלד. האָט גֵיחזי געזאָגט: מײַן האַר מלך, דאָס איז די פרוי, און
דאָס איז איר זון וואָס אֶלישע האָט לעבעדיק געמאַכט. [6]האָט
דער מלך אויסגעפרעגט די פרוי, און זי האָט אים דערציילט.
און דער מלך האָט איר מיטגעגעבן אַ הויפדינער, אַזוי צו זאָגן:
קער אום אַלץ וואָס איז אירס, און אַלע אײַנקומענישן פון דעם
פעלד, פון דעם טאָג וואָס זי האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און ביז
אַצונד.

[7]און אֶלישע איז געקומען קיין דַמֶשֶׂק; און בֶּן־הֲדַד דער מלך
פון אֲרָם איז געווען קראַנק; איז אים דערציילט געוואָרן, אַזוי
צו זאָגן: דער געטלאַכער מאַן איז געקומען אַהער. [8]האָט דער
מלך געזאָגט צו חֲזָאֵל: נעם אין דײַן האַנט אַ מתּנה, און גיי
אַנטקעגן דעם געטלאַכן מאַן, און זאָלסט פרעגן דורך אים בײַ
גאָט, אַזוי צו זאָגן: וועל איך גענעזן ווערן פון דעראָזיקער
קראַנקשאַפט?

[9]איז חֲזָאֵל געגאַנגען אים אַנטקעגן; און ער האָט מיטגענומען
אַ מתּנה אין זײַן האַנט, און פון אַלדאָס גוטס פון דַמֶשֶׂק, אַ משׂא
פון פערציק קעמלען, און ער איז געקומען און האָט זיך
געשטעלט פאַר אים, און האָט געזאָגט: דײַן זון בֶּן־הֲדַד דער
מלך פון אֲרָם האָט מיך געשיקט צו דיר, אַזוי צו זאָגן: וועל איך
גענעזן ווערן פון דעראָזיקער קראַנקשאַפט? [10]האָט אֶלישע
צו אים געזאָגט: גיי זאָג צו אים: גענעזן וועסטו גענעזן ווערן;
אָבער גאָט האָט מיר באַוויזן אַז שטאַרבן וועט ער שטאַרבן.

[11]און ער האָט אָנגעשטעלט זײַן פּנים, און [אים] באַטראַכט
ביז ער האָט זיך פאַרשעמט; און דער געטלאַכער מאַן האָט
געוויינט.

[12]האָט חֲזָאֵל געזאָגט: פאַרוואָס וויינט מיין האַר? האָט ער געזאָגט: ווייל איך וויס דאָס בײז וואָס דו וועסט אָנטאָן די קינדער פון ישׂראל. זייערע פעסטונגען וועסטו אָװעקלאָזן אין פייער, און זייערע יונגעלייט וועסטו הרגען מיטן שווערד, און זייערע קליינע קינדער וועסטו צעהאַקן, און זייערע טראָגעדיקע וועסטו אויפשפּאַלטן. [13]האָט חֲזָאֵל געזאָגט: אָבער ווער איז דיין קנעכט דער הונט, אַז ער זאָל טאָן דידאָזיקע גרויסע זאַך? האָט אֱלִישָׁע געזאָגט: גאָט האָט מיר געוויזן דיך ווי דעם מלך איבער אֲרָם.

[14]איז ער אַוועקגעגאַנגען פון אֱלִישָׁען, און איז געקומען צו זיין האַר; האָט ער אים געפרעגט: וואָס האָט אֱלִישָׁע געזאָגט? האָט ער געזאָגט: ער האָט מיר געזאָגט, גענעזן וועסטו גענעזן ווערן.

[15]און עס איז געווען אויף מאָרגן, האָט ער גענומען דאָס שטריקטוך און אײַנגעטונקט אין וואַסער, און פאַרשפּרייט אויף זיין פּנים, און ער איז געשטאָרבן. און חֲזָאֵל איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

[16]און אין פינפטן יאָר פון יוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן, דעם מלך פון ישׂראל ווען יהוֹשָׁפָט איז געווען דער מלך פון יהודה, איז יהוֹרָם דער זון פון יהוֹשָׁפָט דעם מלך פון יהודה געוואָרן מלך. [17]צוויי און דרייסיק יאָר איז ער אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך, און אַכט יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָׁלַיִם.
[18]און ער איז געגאַנגען אין דעם וועג פון די מלכים פון ישׂראל, אַזוי ווי דאָס הויז פון אַחְאָב האָט געטאָן; וואָרום ער האָט געהאַט אַחְאָבס טאָכטער פאַר אַ ווייב; און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. [19]אָבער גאָט האָט ניט געוואָלט אומברענגען יהודה פון זיין קנעכט דודס וועגן, אַזוי ווי ער האָט

אים צוגעזאָגט, צו געבן אים און זײַנע קינדער אַ ליכט אַלע
טעג.
[20]אין זײַנע טעג איז אֱדום אָפּגעפאַלען פון אונטער דער
האַנט פון יהודה, און זיי האָבן געמאַכט איבער זיך אַ מלך.
[21]איז יוֹרָם אַריבערגעגאַנגען קיין צָעִיר, און אַלע רײַטוועגן מיט
אים, און ער איז אויפגעשטאַנען בײַ נאַכט, און האָט געשלאָגן
די אֲדוֹמִים וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און די הויפּטלײַט
פון די רײַטוועגן; און דאָס פאָלק איז אַנטלאָפן צו זײַנע
געצעלטן. [22]אָבער אֱדוֹם איז אָפּגעפאַלן פון אונטער דער
האַנט פון יהודה ביז אויפן הײַנטיקן טאָג. דעמאָלט אין דער
אײגענער צײַט איז אָפּגעפאַלן לִבְנָה.
[23]און די איבעריקע זאַכן וועגן יוֹרָמען, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צײַט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה.
[24]און יוֹרָם האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און ער איז
באַגראָבן געוואָרן לעבן זײַנע עלטערן אין דודס־שטאָט. און
זײַן זון אֲחַזְיָהוּ איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

[25]אין צוועלפטן יאָר פון יוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן, דעם
מלך פון ישׂראל, איז געוואָרן מלך אֲחַזְיָהוּ דער זון פון יְהוֹרָם
דעם מלך פון יהודה. [26]צוויי און צוואַנציק יאָר איז אֲחַזְיָהוּ
אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך, און איין יאָר האָט ער
געקיניגט אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז
געווען עֲתַלְיָהוּ די טאָכטער פון עָמְרִי דעם מלך פון ישׂראל.
[27]און ער איז געגאַנגען אין דעם וועג פון אַחְאָבס הויז, און
האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, אַזוי ווי דאָס
הויז פון אַחְאָב, וואָרום ער איז געווען אַן איידים פון אַחְאָבס
הויז.

28 און ער איז געגאַנגען מיט יוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן אויף
מלחמה מיט חֲזָאֵל דעם מלך פון אֲרָם, אין רָמוֹת־גִלעָד; און די
אֲרַמִים האָבן פאַרוווּנדט יוֹרָמען. 29 און דער מלך יוֹרָם האָט
זיך אומגעקערט זיך צו היילן אין יִזרְעֶאל פון די וווּנדן וואָס
די אֲרַמִים האָבן אים פאַרוווּנדט אין רָמָה, ווען ער האָט מלחמה
געהאַלטן מיט חֲזָאֵל דעם מלך פון אֲרָם. און אֲחַזְיָהו דער
זון פון יהוֹרָמען, דער מלך פון יהודה, האָט אַראָפּגענידערט צו
זען יוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן אין יִזרְעֶאל, ווען ער איז געווען
קראַנק.

ט 1 און אֱלִישָע דער נביא האָט גערופן איינעם פון די יונגע
נביאים, און האָט צו אים געזאָגט: גורט אָן דיינע לענדן, און
נעם דאָסדאָזיקע קריגל אייל אין דיין האַנט, און גיי קיין רָמוֹת־
גִלעָד. 2 און אַז דו וועסט קומען אַהין, קוק זיך אַרום אויף יֵהוּא
דעם זון פון יהוֹשָפָט דעם זון פון נִמשִי; און זאָלסט אַריינגיין,
און אים מאַכן אויפשטיין פון צווישן זיינע ברידער, און זאָלסט
אים אַריינפירן אין אַ קאַמער הינטער אַ קאַמער. 3 און זאָלסט
נעמען דאָס קריגל אייל, און אַרויפגיסן אויף זיין קאָפּ, און זאָגן:
אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך האָב דיך געזאַלבט פאַר אַ מלך
איבער ישׂראל. און זאָלסט עפענען די טיר און אַנטלויפן, און
ניט וואַרטן.

4 איז דער יונגערמאַן, דער יונגער נביא, געגאַנגען קיין
רָמוֹת־גִלעָד. 5 און ווי ער איז געקומען, ערשט די הויפּטלייט פון
חיל זיצן. האָט ער געזאָגט: איך האָב אַ וואָרט צו דיר, הויפּט־
מאַן. האָט יֵהוּא געזאָגט: צו וועמען פון אונדז אַלעמען? האָט
ער געזאָגט: צו דיר, הויפּטמאַן.

6 איז ער אויפגעשטאַנען, און ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז.
און ער האָט אַרויסגעגאָסן דאָס אייל אויף זיין קאָפּ, און האָט צו

אים געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער גאָט פֿון ישׂראל: איך
האָב דיך געזאַלבט פֿאַר אַ מלך איבער דעם פֿאָלק פֿון גאָט,
איבער ישׂראל. 7 און זאָלסט דערשלאָגן דאָס הויז פֿון אַחְאָב
דײַן האַר, כּדי איך זאָל זיך נוֹקם זײַן פֿאַר דעם בלוט פֿון מײַנע
קנעכט די נביאים, און פֿאַר דעם בלוט פֿון אַלע קנעכט פֿון גאָט,
פֿון איזֶבֶלס האַנט. 8 און דאָס גאַנצע הויז פֿון אַחְאָב זאָל
אונטערגיין; און איך וועל פֿאַרשניידן פֿון אַחְאָבן יעטװעדער
מאַנספּאַרשױן*, און קינד און קייט, צווישן ישׂראל. 9 און איך
וועל מאַכן דאָס הויז פֿון אַחְאָב אַזוי ווי דאָס הויז פֿון יָרָבְעָם
דעם זון פֿון נבָטן, און אַזוי ווי דאָס הויז פֿון בַּעְשָׁא דעם זון פֿון
אֲחִיָהן. 10 און די הינט וועלן עסן איזֶבֶלען אין דעם שטיק לאַנד
פֿון יִזרְעֶאל, און קיין באַגרעבער וועט ניט זײַן.
און ער האָט געעפֿנט די טיר, און איז אַנטלאָפֿן.
11 און יֵהוּא איז אַרויסגעגאַנגען צו די קנעכט פֿון זײַן האַר;
האָט מען צו אים געזאָגט: איז פֿריד? וועגן וואָס איז דער־
דאָזיקער משוגענער געקומען צו דיר? האָט ער צו זיי געזאָגט:
איר קענט דאָך דעם מאַן און זײַן רעדן. 12 האָבן זיי געזאָגט: אַ
ליגן! דערצייל אונדז אָקאָרשט. האָט ער געזאָגט: אַזוי און אַזוי
האָט ער גערעדט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
איך האָב דיך געזאַלבט פֿאַר אַ מלך איבער ישׂראל.
13 האָבן זיי געאײַלט און גענומען איטלעכער זײַן בגד, און
אונטערגעלייגט אונטער אים אויף דער איבערשטער טרעפּ,
און זיי האָבן געבלאָזן אין שופֿר, און געזאָגט: יֵהוּא איז מלך!
14 אַזוי האָט יֵהוּא דער זון פֿון יהוֹשָפָט דעם זון פֿון נִמשין
געמאַכט אַ בונט אויף יוֹרָמען.־און יוֹרָם האָט געהאַט געהיט
רָמוֹת־גִלעָד פֿון חֲזָאֵל דעם מלך פֿון אֲרָם, ער און גאַנץ ישׂראל.
15 און דער מלך יהוֹרָם האָט זיך אומגעקערט זיך צו היילן
אין יִזרְעֶאל פֿון די וווּנדן וואָס די אַרַמים האָבן אים פֿאַרווּנדט,

* אין טעקסט: מַשְׁתִּין בְּקִיר.

ווען ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט חזָאֵל דעם מלך פון אַרָם.—
און יֵהוא האָט געזאָגט: אויב דאָס איז אײַער ווילן, זאָל ניט אַרויס
אַן אַנטרונענער פון שטאָט צו גײן אָנזאָגן אין יִזרְעֶאל.

16 און יֵהוא האָט זיך געזעצט אויף אַ רײַטוואָגן, און איז
אַוועק קײן יִזרְעֶאל, ווײַל יוֹרָם איז דאָרטן געלעגן. און אַחזְיָהו
דער מלך פון יהודה האָט אַראָפּגענידערט צו זען יוֹרָמען.

17 און דער וועכטער איז געשטאַנען אויף דעם טורעם אין
יִזרְעֶאל, און ער האָט געזען די מחנה פון יֵהוּאן בײַ זײַן אָנקומען.
האָט ער געזאָגט: אַ מחנה זע איך. האָט יהוֹרָם געזאָגט: נעם
אַ רײַטער און שיק זײ אַנטקעגן, און זאָל ער זאָגן: איז פריד?

18 איז דער רײַטער אויפן פערד אַוועק אים אַנטקעגן, און
האָט געזאָגט: אַזוי האָט דער מלך געזאָגט: איז פריד? האָט יֵהוא
געזאָגט: וואָס קערסטו זיך אָן מיט פריד? דריי זיך אויס הינטער
מיר.

האָט דער וועכטער אָנגעזאָגט אַזוי צו זאָגן: דער שליח איז
אָנגעקומען ביז זײ, אָבער ער קערט זיך ניט צוריק.

19 האָט ער געשיקט אַ צווייטן רײַטער אויף אַ פערד. און
ער איז געקומען צו זײ, און האָט געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט דער
מלך: איז פריד? האָט יֵהוא געזאָגט: וואָס קערסטו זיך אָן מיט
פריד? דריי זיך אויס הינטער מיר.

20 האָט דער וועכטער אָנגעזאָגט, אַזוי צו זאָגן: ער איז
אָנגעקומען ביז צו זײ, אָבער ער קערט זיך ניט צוריק. און דאָס
טרײַבן איז אַזוי ווי דאָס טרײַבן פון יֵהוא דעם זון פון נִמשין,
וואָרום ער טרײַבט משוגענערהייט.

21 האָט יהוֹרָם געזאָגט: שפּאַן אײַן. האָט מען אײַנגעשפּאַנט
זײַן רײַטוואָגן, און יהוֹרָם דער מלך פון ישׂראל און אַחזְיָהו דער
מלך פון יהודה זײַנען אַרויס איטלאַכער אין זײַן רײַטוואָגן, און

זײַנען אַרויס אַנטקעגן יֵהוּאן, און האָבן אים געטראָפֿן אין דעם
שטיק לאַנד פֿון נָבוֹת דעם יִזרעאֵלי.
22און עס איז געװען, װי יהוֹרָם האָט געזען יֵהוּאן, אַזױ האָט
ער געזאָגט: איז פֿריד, יֵהוּא? האָט ער געענטפֿערט: װאָס פֿאַר
פֿריד, בײַ די זנוּתן פֿון דײַן מוטער איזֶבֶלען און אירע פֿיל
כּישופֿן?
23האָט יהוֹרָם פֿאַרקירעװעט זײַנע הענט, און איז אַנטלאָפֿן,
און ער האָט געזאָגט צו אַחַזְיָהוּן: באַטרוג, אַחַזְיָהוּ!
24און יֵהוּא האָט אָנגעצױגן מיט זײַן האַנט דעם בױגן, און
האָט געטראָפֿן יהוֹרָמען צװישן זײַנע אָרעמס, און די פֿײַל איז
אים אַרױסגעגאַנגען דורכן האַרצן, און ער האָט זיך אַראָפּ־
געלאָזן אין זײַן רײַטװאָגן. 25האָט ער געזאָגט צו בִּדקַר זײַן
עלצטן: נעם, װאַרף אים אַװעק אין דעם שטיק פֿעלד פֿון
נָבוֹת דעם יִזרעאֵלי. װאָרום געדענק װי איך און דו זײַנען
געריטן באַנאַנד הינטער זײַן פֿאָטער אַחְאָבן, און גאָט האָט
אױפֿגעהױבן אױף אים דידאָזיקע נבֿואה: 26פֿאַרװאָר, איך האָב
נעכטן געזען דאָס בלוט פֿון נָבוֹתן, און דאָס בלוט פֿון זײַנע
קינדער, זאָגט גאָט, און איך װעל דיר אָפּצאָלן אין דעמדאָזיקן
שטיק לאַנד, זאָגט גאָט. און אַצונד נעם, װאַרף אים אַװעק אין
דעם שטיק לאַנד, אַזױ װי דאָס װאָרט פֿון גאָט.
27און װי אַחַזְיָהוּ דער מלך פֿון יהודה האָט דערזען,
אַזױ איז ער אַנטלאָפֿן דורך דעם גאָרטנהױז. אָבער יֵהוּא האָט
אים נאָכגעיאָגט, און האָט געזאָגט: שלאָגט אים אױך אױפֿן רײַט־
װאָגן. [און זײ האָבן אים געשלאָגן] אױף דעם אַרױפֿגאַנג פֿון
גור װאָס לעבן יִבלְעָם. און ער איז אַנטלאָפֿן קײן מגִדוֹ, און
איז דאָרטן געשטאָרבן. 28און זײַנע קנעכט האָבן אים געבראַכט
צופֿירן קײן ירושָלַיִם, און האָבן אים באַגראָבן אין זײַן קבֿר לעבן
זײַנע עלטערן אין דודס־שטאָט.

29 און אין עלפטן יאָר פון יוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן איז
אַחַזיָה געוואָרן מלך איבער יהודה.
30 און יֵהוּא איז געקומען קיין יִזרְעֶאל. און איזֶבל האָט
דערהערט, און זי האָט אַרויפגעטאָן פּאַרב אויף אירע אויגן,
און האָט פּאַרפּוצט איר קאָפּ, און אַרויסגעקוקט דורכן
פענצטער. 31 און ווי יֵהוּא איז אַריינגעקומען אין טויער, אַזוי
האָט זי געזאָגט: וואָס מאַכט זמרי* דער מערדער פון זיין האַר?
32 האָט ער אויפגעהויבן זיין פּנים צום פענצטער, און האָט
געזאָגט: ווער איז מיט מיר, ווער? האָבן אַרויסגעקוקט צו אים
צוויי דריי הויפדינער. 33 האָט ער געזאָגט: שליידערט זי אַראָפּ.
און זיי האָבן זי אַראָפּגעשליידערט; און פון איר בלוט האָט
אַרויפגעשפּריצט אויף דער וואַנט און אויף די פערד. און
מע האָט זי צעטרעטן.
34 און ער איז אַריינגעגאַנגען, און האָט געגעסן און געטרונקען,
און ער האָט געזאָגט: באַשטאַט, איך בעט אייך, די דאָזיקע פאַר־
שאָלטענע, און באַגראָבט זי, וואָרום אַ מלכס טאָכטער איז זי.
35 זיינען זיי געגאַנגען זי באַגראָבן, אָבער זיי האָבן מער פון
איר ניט געפונען, ווי בלויז דעם שאַרבן, און די פיס, און די האַנט־
פלעכן. 36 האָבן זיי זיך אומגעקערט, און האָבן אים דערציילט.
האָט ער געזאָגט: דאָס איז דאָס וואָרט פון גאָט וואָס ער האָט
גערעדט דורך זיין קנעכט אֵלִיָהוּ דעם תִּשבי, אַזוי צו זאָגן: אין
דעם שטיק לאַנד פון יִזרְעֶאל וועלן די הינט עסן דאָס פלייש
פון איזֶבלען. 37 און דער טויטער לייב פון איזֶבלען וועט זיין
אויפן שטיק לאַנד פון יִזרְעֶאל אַזוי ווי מיסט אויפן פרייען
פעלד, אַז מע וועט ניט קענען זאָגן: דאָס איז איזֶבל.

י 1 און אַחְאָב האָט געהאַט זיבעציק זין אין שומרון. האָט
יֵהוּא געשריבן בריוו, און האָט געשיקט קיין שומרון צו די

*זע מלכים א׳ טז, 10.

האַרן פון יִזרְעֶאל, די עלטסטע, און צו די וואָס זײַנען געווען
דערציִער בײַ אַחְאָבן, אַזוי צו זאָגן: 2און אַצונד, ווי עס קומט צו
אײַך דערדאָזיקער בריוו, אַזוי ווי בײַ אײַך זײַנען די זין פון
אײַער האַר, און בײַ אײַך זײַנען דאָ רײַטוועגן און פערד, און אַ
פעסטונגשטאָט און וואָפן. 3זאָלט איר זען דעם בעסטן און
גלײַכסטן פון אײַער האַרס זין, און אַרויפזעצן אויף זײַן
פאָטערס טראָן; און האַלט מלחמה פאַר אײַער האַרס הויז.

4האָבן זיי זייער שטאַרק מורא געקריגן, און זיי האָבן געזאָגט:
אָט זײַנען די צוויי מלכים ניט באַשטאַנען פאַר אים, און ווי וועלן
מיר באַשטיין?

5און דער וואָס איבער דעם פּאַלאַץ, און דער וואָס איבער
דער שטאָט, און די עלטסטע, און די דערציִער, האָבן געשיקט
צו יֵהוּאן, אַזוי צו זאָגן: דײַנע קנעכט זײַנען מיר, און אַלץ וואָס
דו וועסט אונדז זאָגן, וועלן מיר טאָן. מיר וועלן קיינעם ניט
מאַכן פאַר אַ מלך. וואָס איז גוט אין דײַנע אויגן, טו.

6האָט ער געשריבן צו זיי אַ בריוו אַ צווייט מאָל, אַזוי צו
זאָגן: אויב איר זײַט מיט מיר, און איר ווילט צוהערן צו מײַן
קָול, נעמט די קעפּ פון די מאַנספאַרשוינען, אײַער האַרס זין,
און קומט צו מיר מאָרגן אַרום דער צײַט קיין יִזרְעֶאל.

און די זין פון מלך, זיבעציק פאַרשוין, זײַנען געווען בײַ די
גרויסע לײַט פון דער שטאָט, וואָס האָבן זיי אויפגעצויגן. 7און
עס איז געווען, ווי דער בריוו איז אָנגעקומען צו זיי, אַזוי האָבן
זיי גענומען די זין פון מלך, און זיי געשאָכטן, זיבעציק פאַרשוין;
און זיי האָבן אַרײַנגעטאָן זייערע קעפּ אין קערבּ, און אַוועק
געשיקט צו אים קיין יִזרְעֶאל.

8איז געקומען אַ שליח, און האָט אים אָנגעזאָגט, אַזוי צו
זאָגן: מע האָט געבראַכט די קעפּ פון דעם מלכס זין. האָט ער

געזאָגט: מאַכט זיי אין צוויי הויפֿנס בײַם אײַנגאַנג פֿון טויער,
ביז אין דער פֿרי.
9און עס איז געווען אין דער פֿרי, איז ער אַרויסגעגאַנגען,
און האָט זיך אַוועקגעשטעלט, און האָט געזאָגט צום גאַנצן פֿאָלק,
איר זײַט אומשולדיק; אָט האָב איך געמאַכט אַ בונט אַקעגן מײַן
האַר, און האָב אים געהרגעט. אָבער ווער האָט דערשלאָגן
אַלע די דאָזיקע? 10זייט וויסן דען, אַז גאָרנישט וועט פֿאַלן צו
דער ערד פֿון דעם וואָרט פֿון גאָט וואָס גאָט האָט גערעדט אויף
דעם הויז פֿון אַחאָבֿ; און גאָט האָט געטאָן וואָס ער האָט גערעדט
דורך זײַן קנעכט אֵליָהון.
11און יֵהוא האָט דערשלאָגן אַלע וואָס זײַנען געבליבן פֿון
אַחאָבֿס הויז אין יִזרְעאל, און אַלע זײַנע גרויסע לײַט, און זײַנע
גוטע פֿרײַנט, און זײַנע כּהנים, ביז ער האָט ניט געלאָזן פֿון אים
אַן איבערבלײַב.
12און ער איז אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועק, און איז געגאַנגען
קיין שומרון. ווי ער איז בײַם שערהויז פֿון די פּאַסטוכער
אונטערוועגנס, 13אַזוי האָט יֵהוא אָנגעטראָפֿן די ברידער פֿון
אַחזִיָהו דעם מלך פֿון יהודה, און ער האָט געזאָגט: ווער זײַט
איר? האָבן זיי געזאָגט: די ברידער פֿון אַחזִיָהון זײַנען מיר, און
מיר האָבן אַראָפּגענידערט [צו פֿרעגן] אויף דעם פֿריד פֿון די
קינדער פֿון מלך און די קינדער פֿון דער מוטער־מלכּה.
14האָט ער געזאָגט: כאַפּט זיי לעבעדיקערהייט. און מע
האָט זיי געכאַפּט לעבעדיקערהייט, און זיי געשאָכטן בײַ דער
גרוב פֿון דעם שערהויז, צוויי און פֿערציק מאַן. און ער האָט
קיינעם פֿון זיי ניט איבערגעלאָזט.
15און ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דאָרטן, אַזוי האָט ער
אָנגעטראָפֿן יהוֹנָדבֿ דעם זון פֿון רֵכָבֿן* אים אַנטקעגן. האָט
ער אים באַגריסט, און האָט צו אים געזאָגט: איז דײַן האַרץ

*זע ירמיה לה.

אויפריכטיק, אַזוי ווי מיין האַרץ איז צו דיין האַרצן? האָט
יהונָדָב געזאָגט: יאָ. [האָט יֵהוא געזאָגט:] אויב יאָ, גיב דיין
האַנט. האָט ער געגעבן זיין האַנט; און ער האָט אים אַרויפֿ־
גענומען צו זיך אויפֿן רייטוואָגן. 16און ער האָט געזאָגט: קום
מיט מיר, און זע ווי איך נעם זיך אָן פֿון גאָטס וועגן. און מע
האָט אים געפֿירט אין זיין רייטוואָגן.

17און ער איז געקומען קיין שומרון, און האָט דערשלאָגן
אַלע וואָס זיינען געבליבן פֿון אַחאָבן אין שומרון, ביז ער האָט
אים פֿאַרטיליגט; אַזוי ווי דאָס וואָרט פֿון גאָט וואָס ער האָט
גערעדט צו אֵלִיָהון.

18און יֵהוא האָט איינגעזאַמלט דאָס גאַנצע פֿאָלק, און האָט
צו זיי געזאָגט: אַחאָב האָט געדינט בַּעַל אַ ביסל, יֵהוא וועט אים
דינען פֿיל. 19און אַצונד, רופֿט צו מיר אַלע נביאים פֿון בַּעַל,
אַלע זיינע דינער, און אַלע זיינע כֹּהנים; קיינער זאָל ניט פֿעלן;
וואָרום אַ גרויסע אָפּפֿערשלאַכטונג צו בַּעַל איז ביי מיר. קיינער
וואָס וועט פֿעלן, וועט ניט בלייבן לעבן.

און יֵהוא האָט דאָס געטאָן מיט באַטרוג, כּדי אונטער־
צוברענגען די דינער פֿון בַּעַל.

20און יֵהוא האָט געזאָגט: הייליקט אָן איינזאַמלונג צו בַּעַל.
האָבן זיי עס אויסגערופֿן. 21און יֵהוא האָט געשיקט אין גאַנץ
ישׂראל, און אַלע דינער פֿון בַּעַל זיינען געקומען, און עס איז
ניט געבליבן אַ מענטש וואָס איז ניט געקומען. און זיי זיינען
אַריינגעגאַנגען אין הויז פֿון בַּעַל; און דאָס הויז פֿון בַּעַל איז
געוואָרן אָנגעפֿילט פֿון עק צו עק.

22האָט ער געזאָגט צו דעם מאַן וואָס איבער דער קליידער־
קאַמער: גיב אַרויס מלבושים צו אַלע דינער פֿון בַּעַל. און ער
האָט זיי אַרויסגעגעבן די מלבושים.

23און יֵהוא איז אַריינגעגאַנגען מיט יהונָדָב דעם זון פֿון רֵכָבן

אין הויז פון בַּעַל, און ער האָט געזאָגט צו די דינער פון בַּעַל:
זוכט נאָך און זעט, אַז דאָ זאָל ניט זיין מיט אייך פון די קנעכט
פון יהוה, נאָר בלויז בַּעַל־דינער אַליין. 24און זיי זיינען אַרייַן
געגאַנגען צו מאַכן שלאַכטאָפּפער און בראַנדאָפּפער.
און יֵהוּא האָט זיך געשטעלט דרויסן אַכציק מאַן, און
אָנגעזאָגט: אויב עמיצער וועט אַנטרונען ווערן פון די מענטשן
וואָס איך גיב איבער אויף אייערע הענט, איז זיין נפש פאַר
יענעמס נפש.
25און עס איז געווען, ווי ער האָט געענדיקט מאַכן דאָס
בראַנדאָפּפער, אַזוי האָט יֵהוּא געזאָגט צו די לויפערס און צו
די הויפּטלייט: גייט אַריין דערשלאָגט זיי; קיינער זאָל ניט אַרויס.
האָבן זיי זיי דערשלאָגן מיטן שאַרף פון שווערד; און די
לויפערס און די הויפּטלייט האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן, און זיינען
אַוועקגעגאַנגען צו דער שטאָט פון בַּעַלס הויז. 26און זיי האָבן
אַרויסגענומען די זיילשטיינער פון בַּעַלס הויז, און זיי פאַר־
ברענט. 27און זיי האָבן צעבראָכן דעם זיילשטיין פון בַּעַל,
און האָבן צעבראָכן דאָס הויז פון בַּעַל, און האָבן עס געמאַכט
פאַר אָפּטריטן ביז אויף היינטיקן טאָג.
28און יֵהוּא האָט פאַרטיליגט בַּעַל פון ישׂראל. 29אָבער
פון די זינד פון יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן, מיט וואָס ער האָט
געמאַכט זינדיקן ישׂראל, פון הינטער זיי האָט זיך יֵהוּא ניט
אָפּגעקערט—פון די גילדערנע קעלבער וואָס אין בית־אל און
וואָס אין דָן.
30און גאָט האָט געזאָגט צו יֵהוּאן: ווייל דו האָסט זיך גוט
באַגאַנגען צו טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין מיינע אויגן—געטאָן
צו אַחְאָבס הויז אַזוי ווי אַלץ וואָס אין מיין האַרצן, וועלן דיר
קינדער פון פירטן דור זיצן אויף דעם טראָן פון ישׂראל.
31אָבער יֵהוּא האָט ניט געהיט צו גיין אין דער תּוֹרה פון

יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל מיט זײַן גאַנצן האַרצן; ער האָט זיך
ניט אָפּגעקערט פֿון די זינד פֿון יָרָבעָמען, וואָס ער האָט
געמאַכט זינדיקן ישׂראל.
[32]אין יענע טעג האָט גאָט אָנגעהויבן אָפּצוהאַקן פֿון ישׂראל.
און חֲזָאֵל האָט זיי געשלאָגן אין גאַנצן געמאַרק פֿון ישׂראל: [33]פֿון
יַרדן צו זונאויפֿגאַנג, דאָס גאַנצע לאַנד גִלעָד, די גָדים, און די
ראובֵנים, און די מְנַשים, פֿון עֲרוֹעֵר וואָס בײַם טאָל אַרנוֹן–
גִלעָד און בָשָן.
[34]און די איבעריקע זאַכן פֿון יֵהוּאן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און זײַן גאַנצע גבֿורהשאַפֿט, דאָס איז שוין
באַשריבן אין בוך פֿון די צײַטגעשעענישן פֿון די מלכים פֿון
ישׂראל.
[35]און יֵהוּא האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און מע
האָט אים באַגראָבן אין שוֹמרוֹן. און זײַן זון יהוֹאָחָז איז געוואָרן
מלך אויף זײַן אָרט. און די טעג וואָס יֵהוּא האָט געקיניגט
איבער ישׂראל אין שוֹמרוֹן, זײַנען געווען אַכט און צוואַנציק
יאָר.

יא [1]און ווי עֲתַליָה די מוטער פֿון אַחזיָהון האָט געזען אַז איר
זון איז טויט, אַזוי איז זי אויפֿגעשטאַנען, און האָט אומ־
געבראַכט דעם גאַנצן קיניגלאַכן אָפּשטאַם. [2]האָט יהוֹשֶבַע די
טאָכטער פֿון מלך יוֹרָם, אַחזיָהס שוועסטער, גענומען יוֹאָש דעם
זון פֿון אַחזיָהן, און האָט אים אַרויסגעגנבֿעט פֿון צווישן דעם
מלכס קינדער וואָס האָבן געזאָלט געטייט ווערן, אים און זײַן
אַם, אין אַ שלאָפֿקאַמער; און מע האָט אים באַהאַלטן פֿון
עֲתַליָהון, און ער איז ניט געטייט געוואָרן. [3]און ער איז געווען
באַהאַלטן בײַ איר אין הויז פֿון גאָט זעקס יאָר. און עֲתַליָה
האָט געקיניגט איבערן לאַנד.

4און אויפן זיבעטן יאָר האָט יהוֹיָדָע געשיקט און האָט
גענומען די הויפּטלײַט איבער די הונדערטן, פון די כָּרים און
פון די לויפערס, און ער האָט זיי געבראַכט צו זיך אין הויז פון
גאָט, און ער האָט מיט זיי געשלאָסן אַ בונד, און האָט זיי
באַשוואָרן אין הויז פון גאָט, און זיי געוויזן דעם מלכס זון. 5און
ער האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז די זאַך וואָס איר
זאָלט טאָן: אַ דריטל פון אײַך, די וואָס קומען אַרײַן שבת און
היטן די היטונג פון דעם מלכס הויז–6נאָך אַ דריטל איז געווען
בײַם טויער סור, און אַ דריטל בײַם טויער הינטער די
לויפערס–זאָלט היטן די היטונג פון פּאַלאַץ פאַר אָן אָפּצאָם.
7און צוויי טײלן פון אײַך, אַלע וואָס גײען אַרויס שבת, זאָלן
היטן די היטונג פון גאָטס הויז אַרום דעם מלך. 8און איר זאָלט
אַרומרינגלען דעם מלך רונד אַרום, איטלעכער מיט זײַנע וואָפן
אין זײַן האַנט. און ווער עס קומט אַרײַן אין די רייען, זאָל
געטייט ווערן. און זײַט מיט דעם מלך בײַ זײַן אַרויסגיין און
בײַ זײַן אַרײַנגיין.
9האָבן די הויפּטלײַט פון די הונדערטן געטאָן אַזוי ווי אַלץ
וואָס יהוֹיָדָע דער כּהן האָט באַפוילן, און זיי האָבן גענומען
איטלעכער זײַנע מענטשן, די וואָס קומען אַרײַן שבת, מיט די
וואָס גייען אַרויס שבת, און זיי זײַנען געקומען צו יהוֹיָדָע דעם
כּהן. 10און דער כּהן האָט געגעבן די הויפּטלײַט פון די
הונדערטן די שפּיזן און די שילדן וואָס פון מלך דוד, וואָס אין
הויז פון גאָט. 11און די לויפערס האָבן זיך געשטעלט
איטלעכער מיט זײַנע וואָפן אין זײַן האַנט, פון דער רעכטער
זײַט פון הויז ביז דער לינקער זײַט פון הויז, בײַם מזבח, און
בײַם הויז, לעבן מלך רונד אַרום. 12און ער האָט אַרויסגעפירט
דעם מלכס זון, און האָט אָנגעטאָן אויף אים די קרוין און די
[קיניגלאַכע] צייכנס; און זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ מלך,

און האָבן אים געזאַלבט; און זיי האָבן געקלאַפּט די הענט, און
געזאָגט: לעבן זאָל דער מלך!
13 און עתַליָה האָט געהערט דעם קָול פון די לויפערס און
דעם פאָלק, און זי איז געקומען צו דעם פאָלק אין הויז פון גאָט.
14 און זי האָט געזען, ערשט דער מלך שטייט אויף דער בימה,
אַזוי ווי דער שטייגער, און די האַרן און די טרומייטערערס
לעבן מלך, און דאָס גאַנצע פאָלק פון לאַנד פרייט זיך, און
בלאָזט אין טרומייטן; האָט עתַליָה צעריסן אירע קליידער,
און האָט אויסגערופן: אַ בונט! אַ בונט!
15 האָט יהוֹיָדָע דער כֹּהן באַפוילן די הויפּטלייט פון די
הונדערטן, די אויפזעער פון חיל, און ער האָט צו זיי געזאָגט:
פירט זי אַרויס ביז אינעווייניק פון די רייען; און דעם וואָס גייט
איר נאָך, טייט מיטן שווערד. וואָרום דער כֹּהן האָט געזאָגט:
זי זאָל ניט געטייט ווערן אין הויז פון גאָט.
16 האָבן זיי געמאַכט פאַר איר אָרט, און זי איז אַריינגעגאַנגען
דורך דעם פערדאַיינגאַנג אין מלכס הויז, און איז דאָרטן
געטייט געוואָרן.
17 און יהוֹיָדָע האָט געשלאָסן אַ בונד צווישן יהוה און צווישן
דעם מלך און דעם פאָלק, צו זיין דאָס פאָלק פון יהוה; אויך
צווישן דעם מלך און צווישן דעם פאָלק. 18 און דאָס גאַנצע
פאָלק פון לאַנד איז אַריינגעגאַנגען אין הויז פון בַּעַל, און
זיי האָבן עס איינגעוואָרפן; זיינע מזבחות און זיינע בילדער
האָבן זיי גוט צעבראָכן, און מַתָּן דעם כֹּהן פון בַּעַל האָבן זיי
געהרגעט פאַר די מזבחות.
און דער כֹּהן האָט געמאַכט אויפזעער איבער דעם הויז
פון גאָט. 19 און ער האָט גענומען די הויפּטלייט פון די
הונדערטן, און די כָּרים, און די לויפערס, און דאָס גאַנצע
פאָלק פון לאַנד, און זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט דעם מלך פון

גאָטס הויז, און זיי זיינען אַריינגעגאַנגען דורך דעם טויער פון
די לויפערס אין מלכס הויז. און ער האָט זיך געזעצט אויפן
טראָן פון די מלכים. 20און דאָס גאַנצע פאָלק פון לאַנד האָט
זיך געפרייט, און די שטאָט איז געווען רואיק. און עתַליָהון
האָבן זיי געטייט מיטן שווערד אין מלכס הויז.

יב 1זיבן יאָר איז יהואָש אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך.
2אין זיבעטן יאָר פון יֵהוא איז יהואָש געוואָרן מלך, און
פערציק יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם, און דער נאָמען
פון זיין מוטער איז געווען צִביָה פון בְאֵר־שֶבַע.
3און יהואָש האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די
אויגן פון גאָט אַלע זיינע טעג, אַזוי ווי יהוֹיָדָע דער כֹּהן האָט אים
געלערנט. 4נאָר די בָמות זיינען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן; דאָס
פאָלק האָט נאָך אַלץ געשלאַכט און גערייכערט אויף די בָמות.
5און יהואָש האָט געזאָגט צו די כֹּהנים: אַלדאָס געהייליקטע
זילבער וואָס ווערט געבראַכט אין גאָטס הויז אין גאַנגבאַרן
געלט, דאָס געלט פאַר נפשות לויט איטלאַכנס אָפּשאַצונג,
אַלדאָס געלט וואָס עמיצן קומט אַרויף אויפן האַרצן צו ברענגען
אין הויז פון גאָט, 6זאָלן די כֹּהנים נעמען פאַר זיך, איטלאַכער
פון זיין געבער; און זיי זאָלן פאַרריכטן די צעבראָכענע ערטער
פון הויז, ווו נאָר אַ צעבראָכענער אָרט וועט זיך דאָרטן
געפינען.
7אָבער עס איז געווען אין דריי און צוואַנציקסטן יאָר פון
מלך יהואָש, האָבן די כֹּהנים נאָך ניט געהאַט פאַרריכט די
צעבראָכענע ערטער פון הויז. 8האָט דער מלך יהואָש גערופן
יהוֹיָדָען דעם כֹּהן, און די [אַנדערע] כֹּהנים, און ער האָט צו זיי
געזאָגט: פאַרוואָס פאַרריכט איר ניט די צעבראָכענע ערטער
פון הויז? און אַצונד, זאָלט איר מער ניט נעמען קיין געלט פון

אײערע געבער, נײערט אויף די צעבראָכענע ערטער פון הויז
זאָלט איר עס אָפּגעבן.
[9]האָבן די כּהנים אײַנגעוויליקט, ניט צו נעמען דאָס געלט
פון דעם פאָלק, און ניט צו פאַרריכטן די צעבראָכענע ערטער
פון הויז.
[10]און יהוֹיָדָע דער כּהן האָט גענומען אַ קאַסטן, און האָט
אויסגעשניטן אַ לאָך אין זײַן טירל, און האָט אים אַוועק־
געשטעלט לעבן מזבח, אויף דער רעכטער זײַט ווי מע קומט
אַרײַן אין הויז פון גאָט; און אַהין פלעגן די כּהנים וואָס היטן די
שוועל, אַרײַנטאָן דאָס גאַנצע געלט וואָס איז געבראַכט געוואָרן
אין הויז פון גאָט. [11]און עס איז געווען, ווי זײ האָבן געזען אַז
אין קאַסטן איז דאָ פיל געלט, אַזוי איז אַרויפגעקומען דער
שרײַבער פון מלך, און דער כּהן־גָדול, און זײ האָבן אײַנ־
געבונדן און איבערגעצײלט דאָס געלט וואָס האָט זיך געפונען
אין הויז פון גאָט. [12]און זײ פלעגן איבערגעבן דאָס אויס־
געצײלטע געלט אין די הענט פון די ווערקמײַסטערס וואָס
זײַנען געווען געשטעלט איבער דעם הויז פון גאָט; און זײ האָבן
עס אויסגעצאָלט צו די האָלצמײַסטערס און צו די בוי־
מײַסטערס וואָס האָבן געאַרבעט אין הויז פון גאָט, [13]און צו די
מויערער, און צו די שטײנהעקער, און אויף צו קויפן האָלץ און
געהאַקטע שטײנער, צו פאַרריכטן די צעבראָכענע ערטער
פון גאָטס הויז, און אויף אַלץ וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אויפן
הויז, צום פאַרריכטן.
[14]אָבער קײן זילבערנע בעקנס, שנײצמעסערס, שפּרענג־
בעקנס, טרומײטן, קײן שום גילדערנע כּלי און זילבערנע כּלי,
פלעגט ניט געמאַכט ווערן פאַר דעם הויז פון גאָט פון דעם
געלט וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין הויז פון גאָט. [15]נײערט
צו די ווערקמײַסטערס פלעגט מען עס געבן, און זײ פלעגן

דערמיט פאַרריכטן דאָס הויז פון גאָט. [16]און מע פלעגט זיך
ניט רעכענען מיט די מענטשן וואָס מע פלעגט געבן דאָס געלט
אויף זייער האַנט, אויף צו געבן צו די בעל־מלאָכהס, נייערט
אויף נאמנות האָבן זיי געאַרבעט.
[17]דאָס געלד פון שולדאָפּפער און דאָס געלט פון זינד־
אָפּפער פלעגט ניט געבראַכט ווערן אין הויז פון גאָט; דאָס
פלעגט געהערן צו די כּהנים.

[18]דעמאָלט איז אַרויפגעצאָגן חזאל דער מלך פון אַרם,
און האָט געהאַלטן מלחמה אויף גת, און האָט זי באַצוווּנגען.
און חזאל האָט געקערט זיין פּנים אַרויפצוציִען אויף ירושלים.
[19]האָט יהואָש דער מלך פון יהודה גענומען אַלע הייליקע
זאַכן וואָס יהושפט, און יהורם, און אחזיהו, זיינע עלטערן, די
מלכים פון יהודה, האָבן געהייליקט, און זיינע אייגענע
געהייליקטע זאַכן, און דאָס גאַנצע גאָלד וואָס האָט זיך געפונען
אין די שאַצקאַמערן פון גאָטס הויז און פון מלכס הויז, און ער
האָט עס אַוועקגעשיקט צו חזאל דעם מלך פון אַרם. און ער
האָט אָפּגעצויגן פון ירושלים.
[20]און די איבעריקע זאַכן וועגן יואָשן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה.
[21]און זיינע קנעכט זיינען אויפגעשטאַנען און האָבן
געבונטעוועט אַ בונט, און האָבן דערשלאָגן יואָשן אין בית־מלוא,
וואָס נידערט אַראָפּ צו סלא. [22]יוזכר דער זון פון שמעתן, און
יהוזבד דער זון פון שומרן, זיינע קנעכט, האָבן אים געשלאָגן,
און ער איז געשטאָרבן. און מע האָט אים באַגראָבן לעבן זיינע
עלטערן אין דודס־שטאָט. און זיין זון אמציה איז געוואָרן מלך
אויף זיין אָרט.

יג 1אין דריי און צוואַנציקסטן יאָר פון יואָש דעם זון פון
אֲחַזְיָהון, דעם מלך פון יהודה, איז יהוֹאָחָז דער זון פון
יֵהוּאן געוואָרן מלך איבער ישׂראל אין שומרון, [און האָט
געקיניגט] זיבעצן יאָר. 2און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט
אין די אויגן פון גאָט, און איז געגאַנגען נאָך די זינד פון יָרָבעָם
דעם זון פון נבָטן, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל; ער
האָט זיך ניט אָפּגעקערט דערפון. 3און דער צאָרן פון גאָט
האָט געגרימט אויף ישׂראל, און ער האָט זיי געגעבן אין דער
האַנט פון חֲזָאֵל דעם מלך פון אֲרָם, און אין דער האַנט פון בֶּן
הֲדַד דעם זון פון חֲזָאֵלן, אַלע טעג.
4האָט יהוֹאָחָז געבעטן צו גאָט, און גאָט האָט צוגעהערט
צו אים, וואָרום ער האָט געזען די דריקונג פון ישׂראל, אַז דער
מלך פון אֲרָם האָט זיי געדריקט—5און גאָט האָט געגעבן ישׂראל
אַ העלפער, און זיי זיינען אַרויס פון אונטער דער האַנט פון
אֲרָם; און די קינדער פון ישׂראל זיינען געזעסן אין זייערע
געצעלטן אַזוי ווי נעכטן־אייערנעכטן. 6אָבער זיי האָבן זיך
ניט אָפּגעקערט פון די זינד פון דעם הויז פון יָרָבעָמען, וואָס
ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל; זיי זיינען געגאַנגען דערין;
און אויך די אֲשֵׁרָה איז געבליבן שטיין אין שומרון.—7וואָרום
ער האָט ניט איבערגעלאָזן יהוֹאָחָזן קיין מאַנשאַפט, נאָר בלויז
פופציק רייטער, און צען רייטוועגן, און צען טויזנט פוסגייער.
ווייל דער מלך פון אֲרָם האָט זיי אומגעבראַכט, און זיי געמאַכט
אַזוי ווי שטויב צום טרעטן.
8און די איבעריקע זאַכן וועגן יהוֹאָחָזן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און זיין גבורהשאַפט, דאָס איז שוין באַשריבן אין
בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
9און יהוֹאָחָז האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און מע

האָט אים באַגראָבן אין שומרון. און זיין זון יואָש איז געוואָרן
מלך אויף זיין אָרט.

10אין זיבן און דרייסיקסטן יאָר פון יואָש דעם מלך פון
יהודה איז יהואָש דער זון פון יהואָחָז געוואָרן מלך איבער
ישׂראל אין שומרון, [און האָט געקיניגט] זעכצן יאָר. 11און ער
האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט; ער האָט
זיך ניט אָפּגעקערט פון אַלע זינד פון יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן,
וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל; ער איז געגאַנגען דערין.
12און די איבעריקע זאַכן וועגן יואָשן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און זיין גבורהשאַפט, ווי ער האָט מלחמה געהאַלטן
מיט אַמַציָהן דעם מלך פון יהודה, דאָס איז שוין באַשריבן אין
בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
13און יואָש האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן; און יָרָבעָם
האָט זיך געזעצט אויף זיין טראָן. און יואָש איז באַגראָבן
געוואָרן אין שומרון לעבן די מלכים פון ישׂראל.

14און אֶלִישָע איז קראַנק געוואָרן אויף דער קראַנקשאַפט
וואָס ער האָט געזאָלט פון איר שטאַרבן; און יואָש דער מלך פון
ישׂראל האָט אַראָפּגענידערט צו אים, און ער האָט געוויינט
אויף זיין פּנים, און האָט געזאָגט: פֿאָטער מיינער, פֿאָטער
מיינער, רייטוועגן און רייטער פון ישׂראל!
15האָט אֶלִישָע צו אים געזאָגט: ברענג אַ בויגן און פיילן.
האָט ער אים געבראַכט אַ בויגן און פיילן. 16האָט ער געזאָגט
צו דעם מלך פון ישׂראל: לייג אַרויף דיין האַנט אויפן בויגן.
האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט, און אֶלִישָע האָט אַרויפגעטאָן
זיינע הענט אויף די הענט פון מלך. 17און ער האָט געזאָגט:
עפן דעם פענצטער צו מזרח; האָט ער געעפנט. האָט אֶלִישָע
געזאָגט: שיס; און ער האָט געשאָסן. האָט ער געזאָגט: אַ פייל

פֿון ישועה פֿון גאָט, און אַ פֿײַל פֿון ישועה אַקעגן אַרָם; און װעסט
שלאָגן אַרָם אין אַפֵק ביז צום פֿאַרלענדן.
[18]און ער האָט געזאָגט: נעם די פֿײַלן; און ער האָט זײ
גענומען. האָט ער געזאָגט צו דעם מלך פֿון ישׂראל: שלאָג אָן
דער ערד; און ער האָט געשלאָגן דרײַ מאָל און האָט זיך
אָפּגעשטעלט.
[19]האָט געצערנט אויף אים דער געטלעכער מאַן, און האָט
געזאָגט: געזאָלט שלאָגן פֿינף אָדער זעקס מאָל; דענסמאָל
װאָלסטו געשלאָגן אַרָם ביז צום פֿאַרלענדן; אָבער אַצונד
װעסטו נאָר דרײַ מאָל שלאָגן אַרָם.
[20]און אֶלישָע איז געשטאָרבן, און מע האָט אים באַגראָבן.
און באַנדעס פֿון מואָב פֿלעגן קומען אין לאַנד בײַם אָנקום
פֿון יאָר. [21]און עס איז געװען, מע באַגראָבט אַזױ אַ מענטשן,
ערשט זײ דערזעען אַ באַנדע. האָבן זײ אַרײַנגעװאָרפֿן דעם
מאַן אין אֶלישָעס קבֿר. און דער מאַן האָט זיך געקײַקלט
ביז ער האָט זיך אָנגערירט אָן אֶלישָעס בײנער, און איז
לעבעדיק געװאָרן, און האָט זיך געשטעלט אויף זײַנע פֿיס.

[22]און חֲזָאֵל דער מלך פֿון אַרָם האָט געדריקט ישׂראל אַלע
טעג פֿון יהוֹאָחָזן. [23]אָבער גאָט האָט זײ געלײַטזעליקט און
זיך דערבאַרימט אויף זײ, און האָט זיך צוגעקערט צו זײ פֿון
װעגן זײַן בונד מיט אַבֿרהם, יצחק, און יעקבֿ, און ער האָט זײ
ניט געװאָלט אומברענגען, און האָט זײ ניט אַװעקגעװאָרפֿן פֿון
זײַן פּנים ביז אַצונד.
[24]און חֲזָאֵל דער מלך פֿון אַרָם איז געשטאָרבן, און זײַן
זון בֶּן־הֲדַד איז געװאָרן מלך אויף זײַן אָרט.
[25]און יהוֹאָש דער זון פֿון יהוֹאָחָזן האָט צוריקגעקערט פֿון
דער האַנט פֿון בֶּן־הֲדַד דעם זון פֿון חֲזָאֵלן די שטעט װאָס ער

האָט געהאַט צוגענומען פון דער האַנט פון זײַן פאָטער יהואָחָזן
אין מלחמה. דרײַ מאָל האָט אים יואָש געשלאָגן, און האָט
צוריקגעקערט די שטעט פון ישׂראל.

יד 1 אין צווייטן יאָר פון יואָש דעם זון פון יואָחָזן, דעם מלך
פון ישׂראל, איז אַמַציָהו דער זון פון יואָש דעם מלך פון
יהודה געוואָרן מלך. 2 פינף און צוואַנציק יאָר איז ער אַלט
געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך, און נײַן און צוואַנציק יאָר האָט
ער געקיניגט אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז
געווען יהוֹעַדָן פון ירושָלַיִם. 3 און ער האָט געטאָן וואָס איז
רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט, אָבער ניט אַזוי ווי זײַן
פאָטער דוד; ער האָט געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס זײַן פאָטער
יואָש האָט געטאָן. 4 נאָר די בָּמות זײַנען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן;
דאָס פאָלק האָט נאָך אַלץ געשלאַכט און גערייכערט אויף די
בָּמות.

5 און עס איז געווען, ווי די מלוכה איז געווען באַפעסטיקט
אין זײַן האַנט, אַזוי האָט ער דערשלאָגן זײַנע קנעכט וואָס האָבן
דערשלאָגן זײַן פאָטער דעם מלך. 6 אָבער די קינדער פון די
דערשלעגער האָט ער ניט געטייט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן
אין בוך פון תּורת־משה, וואָס גאָט האָט באַפוילן, אַזוי צו זאָגן:
פאָטערס זאָלן ניט געטייט ווערן פאַר קינדער, און קינדער
זאָלן ניט געטייט ווערן פאַר פאָטערס; נייערט יעטוועדער פאַר
זײַן זינד זאָל געטייט ווערן.

7 ער האָט געשלאָגן פון אֱדום אין טאָל פון זאַלץ צען טויזנט,
און אײַנגענומען סֶלַע אין מלחמה, און גערופן איר נאָמען יָקתְאֵל
[ווי זי הייסט] ביז אויף הײַנטיקן טאָג.

8 דענסמאָל האָט אַמַציָה געשיקט שלוחים צו יהואָש דעם
זון פון יהואָחָז דעם זון פון יֵהוא, דעם מלך פון ישׂראל, אַזוי
צו זאָגן: קום לאָמיר זיך אָנקוקן אין פּנים.

9 האָט יהוֹאָש דער מלך פון ישׂראל געשיקט צו אַמַציָהו
דעם מלך פון יהודה, אַזוי צו זאָגן: דער דאָרן וואָס אין לבָנון
האָט געשיקט צו דעם צעדערבוים וואָס אין לבָנון, אַזוי צו זאָגן:
גיב דײַן טאָכטער צו מײַן זון פֿאַר אַ ווײַב. איז פֿאַרבײַגעגאַנגען
אַ ווילדע חיה וואָס אין לבָנון, און האָט צעטרעטן דעם דאָרן.
10 שלאָגן האָסטו געשלאָגן אֱדום, און דײַן האַרץ האָט דיך דער־
הויבן; האַלט דײַן כּבוד, און זיץ אין דער היים. און נאָך וואָס
זאָלסטו זיך רײַצן מיט בײז, און פֿאַלן דו און יהודה מיט דיר?
11 אָבער אַמַציָהו האָט ניט צוגעהערט. און יהוֹאָש דער
מלך פון ישׂראל איז אַרויפֿגעגאַנגען, און זיי האָבן זיך אָנגעקוקט
אין פּנים, ער און אַמַציָהו דער מלך פון יהודה, אין בֵּית־שֶמֶש
וואָס געהערט צו יהודה.
12 און יהודה איז געשלאָגן געוואָרן
פֿאַר ישׂראל, און זיי זײַנען אַנטלאָפֿן איטלאַכער צו זײַנע
געצעלטן.
13 און אַמַציָהו דעם מלך פון יהודה, דעם זון פון יהוֹאָש דעם
זון פון אַחַזיָהון, האָט יהוֹאָש דער מלך פון ישׂראל געכאַפּט אין
בֵּית־שֶמֶש. און ער איז געקומען קיין ירושָלַיִם, און האָט דורכ־
געבראָכן די מויער פון ירושָלַיִם פון דעם טויער פון אפרים
ביז דעם ווינקלטויער, פיר הונדערט איילן.
14 און ער האָט
צוגענומען דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, און אַלע כּלים, וואָס
האָבן זיך געפֿונען אין הויז פון גאָט און אין די שאַצקאַמערן פון
מלכס הויז, און משכּונקינדער, און האָט זיך אומגעקערט קיין
שומרון.
15 און די איבעריקע זאַכן פון יהוֹאָשן וואָס ער האָט געטאָן,
און זײַן גבֿורהשאַפֿט, און ווי ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט
אַמַציָהו דעם מלך פון יהודה, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך
פון די צײַטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
16 און יהוֹאָש האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און ער

איז באַגראָבן געוואָרן אין שומרון לעבן די מלכים פון ישׂראל.
און זיין זון יָרָבעָם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.
17און אֲמַציָהו דער זון פון יואָשן, דער מלך פון יהודה,
האָט געלעבט נאָך דעם טויט פון יהואָש דעם זון פון יהואָחָזן,
דעם מלך פון ישׂראל, פופצן יאָר.
18און די איבעריקע זאַכן וועגן אֲמַציָהון, זיי זיינען שוין
באַשריבן אין בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון
יהודה.
19און מע האָט געבונטעוועט אויף אים אַ בונט אין ירושָלַיִם,
און ער איז אַנטלאָפן קיין לָכיש; אָבער מע האָט נאָכגעשיקט
נאָך אים קיין לָכיש, און מע האָט אים דאָרטן געטייט. 20און
מע האָט אים געבראַכט אויף פערד. און ער איז באַגראָבן
געוואָרן אין ירושָלַיִם לעבן זיינע עלטערן אין דודס־שטאָט.
21און דאָס גאַנצע פאָלק פון יהודה האָט גענומען עֲזַריָהן,
וואָס איז געווען זעכצן יאָר אַלט, און זיי האָבן אים געמאַכט
פאַר מלך אויפן אָרט פון זיין פאָטער אֲמַציָהון.
22ער האָט אַרומגעבויט אֵילַת און האָט זי צוריקגעקערט
צו יהודה, נאָכדעם ווי דער מלך האָט זיך געלייגט מיט זיינע
עלטערן.

23אין פופצנטן יאָר פון אֲמַציָהו דעם זון פון יואָשן, דעם
מלך פון יהודה, איז יָרָבעָם דער זון פון יואָש דעם מלך פון
ישׂראל געוואָרן מלך אין שומרון, [און האָט געקיניגט] איין און
פערציק יאָר. 24און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די
אויגן פון גאָט; ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון אַלע זינד פון
יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן
ישׂראל.
25ער האָט צוריקגעשטעלט דעם געמאַרק פון ישׂראל, פון

חוּ מע קומט קיין חֲמָת ביז דעם יַם פון פּלוין, אַזוי ווי דאָס וואָרט
פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, וואָס ער האָט גערעדט דורך זיין
קנעכט יונה דעם זון פון אֲמִתַּי, דעם נביא, וואָס פון גַת־חֵפֶר.
26 וואָרום גאָט האָט געזען די פּיין פון ישׂראל, אַז זי איז זייער
ביטער, און קיין מוטערמענטש איז ניטאָ, און ניטאָ ווער זאָל
העלפן ישׂראל. 27 און גאָט האָט ניט געוואָלט אויסמעקן דעם
נאָמען פון ישׂראל פון אונטערן הימל, און ער האָט זיי געהאָלפן
דורך דער האַנט פון יָרָבעָם דעם זון פון יוֹאָשן.
28 און די איבעריקע זאַכן וועגן יָרָבעָמען, און אַלץ וואָס
ער האָט געטאָן, און זיין גבורהשאַפט, ווי ער האָט מלחמה
געהאַלטן, און ווי ער האָט צוריקגעקערט דַמֶשֶׂק און חֲמָת צו
יהודה און ישׂראל, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
29 און יָרָבעָם האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, מיט די
מלכים פון ישׂראל. און זיין זון זְכַרְיָה איז געוואָרן מלך אויף
זיין אָרט.

טו 1 אין זיבן און צוואַנציקסטן יאָר פון יָרָבעָם דעם מלך פון
ישׂראל, איז עֲזַרְיָה* דער זון פון אֲמַצְיָה דעם מלך פון יהודה
געוואָרן מלך. 2 זעכצן יאָר איז ער אַלט געווען, אַז ער איז
געוואָרן מלך, און צוויי און פופציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען יְכָלְיָהוּ פון
ירושָלַיִם.
3 און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט, אַזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער אֲמַצְיָהוּ האָט געטאָן.
4 נאָר די בָּמוֹת זיינען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן; דאָס פאָלק האָט
נאָך אַלץ געשלאַכט און גערייכערט אויף די בָּמוֹת.
5 און גאָט האָט געפּלאָגט דעם מלך, און ער איז געווען אַ

* אין פסוק 13 און אַנדערע ערטער איז דער נאָמען עֻזִּיָּה.

מצורע ביז דעם טאָג פון זיין טויט. און ער איז געזעסן אין דעם
אָפּגעזונדערטן הויז. און יותם דעם מלכס זון איז געווען
איבערן פּאַלאַץ; ער האָט געמשפּט דאָס פאָלק פון לאַנד.
6 און די איבעריקע זאַכן וועגן עזריהן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה.
7 און עזריה האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און מע
האָט אים באַגראָבן לעבן זיינע עלטערן אין דודס־שטאָט. און
זיין זון יותם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

8 אין אַכט און דרייסיקסטן יאָר פון עזריהו דעם מלך פון
יהודה, האָט זכריהו דער זון פון ירבעמען געקיניגט איבער
ישׂראל אין שומרון זעקס חדשים. 9 און ער האָט געטאָן וואָס
איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, אַזוי ווי זיינע עלטערן האָבן
געטאָן; ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון די זינד פון ירבעם דעם
זון פון נבֿטן, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל.
10 און שלום דער זון פון יבֿשן האָט געמאַכט אַ בונט אויף
אים, און האָט אים געשלאָגן אַנטקעגן פאַרן פאָלק, און אים
געטייט, און איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.
11 און די איבעריקע זאַכן וועגן זכריהן, זיי זיינען באַשריבן
אין בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
12 דאָס איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט וואָס ער האָט
גערעדט צו יהואן, אַזוי צו זאָגן: קינדער ביזן פירטן דור וועלן
דיר זיצן אויפן טראָן פון ישׂראל; און אַזוי איז געשען.

13 שלום דער זון פון יבֿשן איז געוואָרן מלך אין ניין און
דרייסיקסטן יאָר פון עוזיה דעם מלך פון יהודה; און ער האָט
געקיניגט אַ חודש צייט אין שומרון.
14 איז אַרויפגעגאַנגען מנחם דער זון פון גדין, פון תּרצה,

און ער איז געקומען קיין שומרון, און האָט געשלאָגן שלום דעם
זון פֿון יָבֵשן אין שומרון, און האָט אים געטייט, און איז געוואָרן
מלך אויף זיין אָרט.
16און די איבעריקע זאַכן וועגן שלומען, און זיין בונט וואָס
ער האָט געבונטעוועט, דאָס איז באַשריבן אין בוך פֿון די צייט־
געשעענישן פֿון די מלכים פֿון ישראל.
16דענסמאָל האָט מנחם געשלאָגן תִּפְסַח מיט אַלע וואָס אין
איר, און אירע געמאַרקן פֿון תִּרְצָה אָן. ווייל מע האָט אים
נית געעפֿנט, האָט ער זי געשלאָגן; אַלע אירע טראָגעדיקע האָט
ער אויפֿגעשפּאָלטן.

17אין ניין און דרייסיקסטן יאָר פֿון עֲזַרְיָה דעם מלך פֿון
יהודה איז מנחם דער זון פֿון גָדין געוואָרן מלך איבער ישראל,
[און האָט געקיניגט] צען יאָר אין שומרון.
18און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט;
ער האָט אַלע זיינע טעג זיך נית אָפּגעקערט פֿון די זינד פֿון
יָרָבְעָם דעם זון פֿון נְבָטן, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן
ישראל.
19איז געקומען פּול דער מלך פֿון אַשור אויפֿן לאַנד, און
מנחם האָט געגעבן פּולן טויזנט צענטנער זילבער, אַז זיין האַנט
זאָל זיין מיט אים צו באַפֿעסטיקן די מלוכה אין זיין האַנט. 20און
מנחם האָט אויסגעוואָרפֿן דאָס געלט אויף ישראל, אויף אַלע
חילפֿאַרמעגלאַכע, פֿופֿציק שקָלים זילבער אויף יעטוועדער
מאַן, כּדי צו געבן דעם מלך פֿון אַשור. און דער מלך פֿון אַשור
האָט זיך אומגעקערט, און האָט זיך נית אָפּגעשטעלט דאָרטן
אין לאַנד.
21און די איבעריקע זאַכן וועגן מנחמען, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פֿון די צייט־
געשעענישן פֿון די מלכים פֿון ישראל.

22 און מְנַחֵם האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און זײַן
זון פְּקַחְיָה איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

23 אין פֿופֿציקסטן יאָר פֿון עֲזַרְיָה דעם מלך פֿון יהודה איז
פְּקַחְיָה דער זון פֿון מְנַחֵמען געוואָרן מלך איבער ישׂראל אין
שֹׁומרוֹן, [און האָט געקיניגט] צוויי יאָר.
24 און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט;
ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט פֿון די זינד פֿון יָרָבְעָם דעם זון
פֿון נְבָט, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל.
25 און זײַן הויפּטמאַן פֶּקַח דער זון פֿון רְמַלְיָהוּן האָט
געמאַכט אַ בונט אויף אים, און האָט אים דערשלאָגן אין שוֹמרוֹן,
אין פּאַלאַץ פֿון מלכס הויז, בײַ אַרגוֹב און בײַ אַרְיֵה; און מיט
אים זײַנען געווען פֿופֿציק מאַן פֿון די גִלְעָדער; און ער האָט
אים געטייט, און איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.
26 און די איבעריקע זאַכן וועגן פְּקַחְיָהן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז באַשריבן אין בוך פֿון די צײַטגעשעענישן
פֿון די מלכים פֿון ישׂראל.

27 אין צוויי און פֿופֿציקסטן יאָר פֿון עֲזַרְיָה דעם מלך פֿון
יהודה, איז פֶּקַח דער זון פֿון רְמַלְיָהוּן געוואָרן מלך איבער
ישׂראל אין שוֹמרוֹן, [און האָט געקיניגט] צוואַנציק יאָר.
28 און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט;
ער האָט זיך ניט אָפּגעקערט פֿון די זינד פֿון יָרָבְעָם דעם זון
פֿון נְבָט, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל.
29 אין די טעג פֿון פֶּקַח דעם מלך פֿון ישׂראל, איז געקומען
תִּגְלַת־פִּלְאֶסֶר דער מלך פֿון אַשור, און האָט גענומען עִיוֹן, און
אָבֵל־בֵּית־מַעֲכָה, און יָנוֹחַ, און קֶדֶש, און חָצוֹר, און גִלְעָד, און
גָלִיל, דאָס גאַנצע לאַנד נַפְתָּלִי; און ער האָט זיי פֿאַרטריבן
קיין אַשור.

30 און הושע דער זון פון אֵלָה האָט געבונטעוועט אַ בונט
אויף פֶּקַח דעם זון פון רמַליָהון, און ער האָט אים געשלאָגן און
אים געטייט, און איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט, אין
צוואַנציקסטן יאָר פון יוֹתָם דעם זון פון עוזִיָהן.
31 און די איבעריקע זאַכן וועגן פֶּקחן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז באַשריבן אין בוך פון די צייטגעשעענישן
פון די מלכים פון ישׂראל.

32 אין צווייטן יאָר פון פֶּקַח דעם זון פון רמַליָהון, דעם מלך
פון ישׂראל, איז יוֹתָם דער זון פון עוזִיָהו דעם מלך פון יהודה
געוואָרן מלך. 33 פינף און צוואַנציק יאָר איז ער אַלט געווען,
אַז ער איז געוואָרן מלך, און זעכצן יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען ירושאָ
די טאָכטער פון צָדוֹקן.
34 און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט; ער האָט געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער עוזִיָהו
האָט געטאָן. 35 נאָר די בָּמוֹת זיינען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן; דאָס
פאָלק האָט נאָך אַלץ געשלאָכט און געריי כערט אויף די בָּמוֹת.
ער האָט געבויט דאָס אויבערשטע טויער פון גאָטס הויז.
36 און די איבעריקע זאַכן וועגן יוֹתָמען, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה.
37 אין יענע טעג האָט גאָט אָנגעהויבן אָנשיקן אויף יהודה
רצין דעם מלך פון אֲרָם, און פֶּקַח דעם זון פון רמַליָהון.
38 און יוֹתָם האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און ער
איז באַגראָבן געוואָרן לעבן זיינע עלטערן אין זיין פאָטער
דודס־שטאָט. און זיין זון אָחָז איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

טז [א]אין זיבעצנטן יאָר פון פֶּקַח דעם זון פון רמַליָהון, איז
אָחָז דער זון פון יוֹתָם דעם מלך פון יהודה געוואָרן מלך.
[ב]צוואַנציק יאָר איז אָחָז אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך,
און זעכצן יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
און ער האָט ניט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט זיין האַר, אַזוי ווי זיין פאָטער דוד. [ג]נייערט ער איז
געגאַנגען אין דעם וועג פון די מלכים פון ישׂראל. און ער האָט
אויך געמאַכט דורכגיין זיין זון דורכן פייער[א], אַזוי ווי די אומ־
ווערדיקייטן פון די פעלקער וואָס גאָט האָט זיי פאַרטריבן פון
פאַר די קינדער פון ישׂראל. [ד]און ער האָט געשלאַכט און
געריכערט אויף די בָּמוֹת, און אויף די בערגלאַך, און אונטער
יעטוועדער צווייגהאַפטיקן בוים.
[ה]דענסמאָל איז אַרויפגעקומען רצין דער מלך פון אַרָם, און
פֶּקַח דער זון פון רמַליָהון, דער מלך פון ישׂראל, קיין ירושָלַיִם
אויף מלחמה; און זיי האָבן געלעגערט אויף אָחָזן, און ניט
געקענט בייקומען.
[ו]אין יענער צייט האָט רצין דער מלך פון אַרָם צוריק־
געקערט אֵילַת צו אַרָם, און האָט אַרויסגעוואָרפן די יהודהער
פון אֵילַת. און די אַדוֹמים זיינען געקומען קיין אֵילַת, און זיינען
דאָרטן געבליבן ביז אויף היינטיקן טאָג.
[ז]און אָחָז האָט געשיקט שלוחים צו תִּגְלַת־פִּלְאֶסֶר דעם מלך
פון אַשור, אַזוי צו זאָגן: דיין קנעכט און דיין זון בין איך; קום
אַרויף און העלף מיר פון דער האַנט פון דעם מלך פון אַרָם,
און פון דער האַנט פון דעם מלך פון ישׂראל, וואָס זיינען אויפ־
געשטאַנען אויף מיר.
[ח]און אָחָז האָט גענומען דאָס זילבער און דאָס גאָלד וואָס
האָט זיך געפונען אין גאָטס הויז און אין די שאַצקאַמערן פון
מלכס הויז, און האָט געשיקט צום מלך פון אַשור שוחד. [ט]און

[א] פאַרברענט צום גאָט מולך.

דער מלך פון אַשור האָט צוגעהערט צו אים, און דער מלך פון
אַשור איז אַרויפגעגאַנגען אויף דַמֶשֶׂק, און האָט זי אײַנגענומען,
און האָט פאַרטריבן אירע באַוווינער קיין קיר, און רצינען האָט
ער געטייט.
[10]און דער מלך אָחָז איז געגאַנגען קיין דַמֶשֶׂק אַנטקעגן
תִּגלַת־פִּלאֶסֶר דעם מלך פון אַשור, און ער האָט געזען דעם
מזבח וואָס אין דַמֶשֶׂק. און דער מלך אָחָז האָט געשיקט צו
אוּרִיָה דעם כֹּהן די געשטאַלט פון דעם מזבח און זיין געבוי
לויט זיין גאַנצער אַרבעט. [11]און אוּרִיָה דער כֹּהן האָט אויפ־
געבויט דעם מזבח; אַזוי ווי אַלץ וואָס דער מלך אָחָז האָט
געשיקט פון דַמֶשֶׂק, אַזוי האָט אוּרִיָה דער כֹּהן געמאַכט, איידער
דער מלך אָחָז איז געקומען פון דַמֶשֶׂק. [12]און אַז דער מלך איז
געקומען פון דַמֶשֶׂק, האָט דער מלך געזען דעם מזבח; און דער
מלך האָט גענענט צום מזבח, און האָט אויפגעבראַכט אויף אים.
[13]און ער האָט געדעמפט זיין בראַנדאָפּפער און זיין שפּייז־
אָפּפער, און געגאָסן זיין גיסאָפּפער, און געשפּרענגט דאָס בלוט
פון זיין פרידאָפּפער, אויפן מזבח. [14]און דעם קופּערנעם מזבח
וואָס פאַר גאָט האָט ער צוגערוקט פון פאַר דעם הויז, פון צווישן
דעם מזבח און צווישן דעם הויז פון גאָט, און האָט אים אַוועק־
געשטעלט בײַן זייט פון דעם מזבח צו צפון.
[15]און דער מלך אָחָז האָט באַפוילן אוּרִיָה דעם כֹּהן, אַזוי
צו זאָגן: אויף דעם גרויסן מזבח דעמף דאָס בראַנדאָפּפער פון
אין דער פרי, און דאָס שפּייזאָפּפער פון אָוונט, און דאָס בראַנד־
אָפּפער פון מלך און זיין שפּייזאָפּפער, און דאָס בראַנדאָפּפער
פון דעם גאַנצן פאָלק פון לאַנד, און זייער שפּייזאָפּפער און
זייערע גיסאָפּפער; און איטלעך בלוט פון בראַנדאָפּפער און
איטלעך בלוט פון שלאַכטאָפּפער זאָלסטו שפּרענגען אויף אים.
און וועגן דעם קופּערנעם מזבח וועל איך דאַרפן נאָכקוקן.

[טז]און אוריָה דער כֹּהן האָט געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס דער
מלך אָחָז האָט באַפוילן.
[יז]און דער מלך אָחָז האָט אָפּגעהאַקט די ראַמען פון די
געשטעלן[*], און האָט אָפּגעטאָן פון זיי דעם האַנטפאַס. און
דעם ים[ב] האָט ער אַראָפּגענומען פון די קופערנע רינדער וואָס
אונטער אים, און האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ געפּלאַסטער
פון שטיינער. [יח]און דער איבערדעק פאַר שבת וואָס מע האָט
אָנגעבויט אָן הויז, און דעם מלכס אַיינגאַנג דערויסן, האָט ער
איבערגעשטעלט אין הויז פון גאָט פון וועגן דעם מלך פון אַשור.
[יט]און די איבעריקע זאַכן פון אָחָזן וואָס ער האָט געטאָן,
זיי זיינען שוין באַשריבן אין בוך פון די צייטגעשעענישן פון די
מלכים פון יהודה.
[כ]און אָחָז האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און ער
איז באַגראָבן געוואָרן לעבן זיינע עלטערן אין דודס־שטאָט.
און זיין זון חִזקיָהו איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

יז [א]אין צוועלפטן יאָר פון אָחָז דעם מלך פון יהודה, איז הושֵעַ
דער זון פון אֵלָה געוואָרן מלך אין שומרון איבער ישׂראל,
[און האָט געקיניגט] ניין יאָר.
[ב]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
נאָר ניט אַזוי ווי די מלכים פון ישׂראל וואָס זיינען געווען פאַר
אים.
[ג]אויף אים איז אַרויפגעגאַנגען שַלמַנאָסר דער מלך פון
אַשור, און הושֵעַ איז געוואָרן אַ קנעכט צו אים, און אים געצאָלט
אָפּגאָב.
[ד]און דער מלך פון אַשור האָט אויסגעפונען אין הושֵען אַ
בונט, ווייל ער האָט געשיקט שלוחים צו סוא דעם מלך פון
מִצרים, און האָט ניט אַרויפגעבראַכט אָפּגאָב צו דעם מלך פון

[*] זע מלכים א' ז, 27 און ווייטער. [ב] זע מלכים א' ז, 23 און ווייטער.

אַשור אַזוי ווי יאָר אין יאָר. און דער מלך פון אַשור האָט אים
פאַרהאַלטן, און האָט אים אײַנגעשפּאַרט אין תּפיסה.
5 און דער מלך פון אַשור איז אַרויפגעגאַנגען אויפן גאַנצן
לאַנד, און איז אַרויפגעגאַנגען אויף שומרון, און האָט געלעגערט
אויף איר דרײַ יאָר. 6 אין נײַנטן יאָר פון הושען האָט דער
מלך פון אַשור באַצוווּנגען שומרון, און האָט פאַרטריבן ישׂראל
קיין אַשור, און זיי באַזעצט אין חלח, און אין חָבור, בײַם טײַך
גוזן, און אין די שטעט פון מָדַי.
7 און דאָס איז געשען ווײַל די קינדער פון ישׂראל האָבן
געזינדיקט צו יהוה זייער גאָט וואָס האָט זיי אויפגעבראַכט פון
לאַנד מִצרַיִם, פון אונטער דער האַנט פון פַּרעה דעם מלך פון
מִצרַיִם, און זיי האָבן געפאָרכט פרעמדע געטער. 8 און זיי
זײַנען געגאַנגען אין די געזעצן פון די פעלקער וואָס גאָט האָט
פאַרטריבן פון פאַר די קינדער פון ישׂראל; דעסגלײַכן די
מלכים פון ישׂראל, וואָס זיי האָבן געמאַכט. 9 און די קינדער
פון ישׂראל האָבן צוגעטראַכט זאַכן וואָס ניט ריכטיק צו יהוה
זייער גאָט, און זיי האָבן זיך געבויט בָמות אין אַלע זייערע
שטעט, פון אַ וועכטערטורעם ביז אַ פעסטונגשטאָט. 10 און זיי
האָבן זיך אויפגעשטעלט זײַלשטיינער און געצנשטאַנגען אויף
יעטוועדער הויכן בערגל און אונטער יעטוועדער צווײַג־
האַפטיקן בוים. 11 און זיי האָבן דאָרטן גערייכערט אויף אַלע
בָמות, אַזוי ווי די פעלקער וואָס גאָט האָט פאַרטריבן פון פאַר
זיי; און זיי האָבן געטאָן שלעכטע זאַכן צו דערצערענען גאָט.
12 און זיי האָבן געדינט די אָפּגעטער, וואָס גאָט האָט זיי אָנגעזאָגט:
איר זאָלט ניט טאָן דידאָזיקע זאַך. 13 און גאָט האָט געוואָרנט
ישׂראל און יהודה דורך איטלאַכן נביא, איטלאַכן זעער, אַזוי
צו זאָגן: קערט אײַך אום פון אײַערע שלעכטע וועגן, און היט
מײַנע געבאָט, מײַנע געזעצן, לויט דער גאַנצער תּורה וואָס איך

האָב באַפוילן אײַערע עלטערן, און וואָס איך האָב געשיקט צו
אײַך דורך מײַנע קנעכט די נביאים. 14אָבער זיי האָבן ניט
צוגעהערט, און זיי האָבן האַרט געמאַכט זייער נאַקן, אַזוי ווי
דער נאַקן פון זייערע עלטערן וואָס האָבן ניט געגלויבט אין
יהוה זייער גאָט. 15און זיי האָבן פאַראַכט זײַנע געזעצן און זײַן
בונד וואָס ער האָט געשלאָסן מיט זייערע עלטערן, און זײַנע
וואָרענישן וואָס ער האָט זיי געוואָרנט, און זיי זײַנען געגאַנגען
נאָך נישטיקייט און געוואָרן נישטיק, און נאָך די פעלקער וואָס
רונד אַרום זיי, וואָס גאָט האָט זיי באַפוילן ניט צו טאָן אַזוי ווי זיי.
16און זיי האָבן פאַרלאָזן אַלע געבאָט פון יהוה זייער גאָט, און
האָבן זיך געמאַכט געגאָסענע געצן–צוויי קעלבער, און געמאַכט
אַן אֲשֵׁרָה, און זיך געבוקט צו דעם גאַנצן חיל פון הימל, און
געדינט בַּעַל. 17און זיי האָבן געמאַכט דורכגיין זייערע זין און
זייערע טעכטער דורכן פײַער, און האָבן געברויכט וואָר־
זאָגערײַ און געצויבערט, און זיך אָפּגעגעבן צו טאָן וואָס איז
שלעכט אין די אויגן פון גאָט, אים צו דערצערענען. 18און גאָט
האָט זייער געצערנט אויף ישׂראל, און ער האָט זיי אָפּגעטאָן
פון זײַן פּנים; עס איז ניט געבליבן אַחוץ שבט יהודה אַליין.
19האָט אויך יהודה ניט געהיט די געבאָט פון יהוה זייער גאָט, און
זיי זײַנען געגאַנגען אין די געזעצן פון ישׂראל, וואָס יענע האָבן
געמאַכט. 20און גאָט האָט פאַראַכט דעם גאַנצן זאָמען פון
ישׂראל, און ער האָט זיי געפּײניקט, און האָט זיי געגעבן אין דער
האַנט פון אויסרויבער, ביז ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפן פון זײַן
פּנים. 21וואָרום אַז ער האָט אָפּגעריסן ישׂראל פון דעם הויז
פון דוד, און זיי האָבן געמאַכט פאַר אַ מלך יָרָבעָם דעם זון
פון נבָט, האָט יָרָבעָם אַראָפּגעפירט ישׂראל פון הינטער גאָט,
און ער האָט זיי געמאַכט זינדיקן אַ גרויסע זינד. 22און די
קינדער פון ישׂראל זײַנען געגאַנגען אין אַלע זינד פון יָרָבעָמען

וואָס ער האָט געטאָן; זיי האָבן זיך ניט אָפּגעקערט דערפֿון.
[23]ביז גאָט האָט אָפּגעטאָן ישׂראל פֿון זיין פּנים, אַזוי ווי ער האָט
גערעדט דורך אַלע זיינע קנעכט די נביאים, און ישׂראל איז
פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זיין ערד קיין אשור ביז אויף היינטיקן
טאָג.
[24]און דער מלך פֿון אשור האָט געבראַכט מענטשן פֿון בבל,
און פֿון כּוּתָה, און פֿון עַוָא, און פֿון חֲמָת, און פֿון ספרוַיִם, און
באַזעצט אין די שטעט פֿון שומרון אָנשטאָט די קינדער פֿון
ישׂראל. און זיי האָבן געאַרבט שומרון, און זיינען געזעסן אין
אירע שטעט.
[25]און עס איז געווען אין אָנהייב פֿון זייער זיצן דאָרטן, האָבן
זיי ניט געפֿאָרכט יהוה, און יהוה האָט אָנגעשיקט אויף זיי לייבן,
און זיי פֿלעגן אויסהרגענען צווישן זיי. [26]האָט מען אָנגעזאָגט דעם
מלך פֿון אשור, אַזוי צו זאָגן: די פֿעלקער וואָס דו האָסט אַוועק־
געפֿירט, און באַזעצט אין די שטעט פֿון שומרון, ווייסן ניט דעם
שטייגער פֿון דעם גאָט פֿון לאַנד; דרום האָט ער אָנגעשיקט
אויף זיי לייבן, און זע, זיי טייטן זיי, אַזוי ווי זיי ווייסן ניט דעם
שטייגער פֿון דעם גאָט פֿון לאַנד.
[27]האָט דער מלך פֿון אשור באַפֿוילן, אַזוי צו זאָגן: פֿירט
אַוועק אַהין איינעם פֿון די כּהנים וואָס איר האָט פֿאַרטריבן
פֿון דאָרטן; און זאָלן זיי גיין און זיך באַזעצן דאָרטן, און ער זאָל
זיי לערנען דעם שטייגער פֿון דעם גאָט פֿון לאַנד.
[28]איז געקומען איינער פֿון די כּהנים וואָס מע האָט געהאַט
פֿאַרטריבן פֿון שומרון, און ער האָט זיך באַזעצט אין בית־אל,
און האָט זיי געלערנט ווי זיי זאָלן פֿאָרכטן יהוה. [29]אָבער
איטלאַך פֿאָלק פֿלעגט אויך מאַכן זיינע אייגענע געטער, און זיי
האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין די הייזער פֿון די בָּמות וואָס די
שומרונים האָבן געמאַכט; איטלאַך פֿאָלק אין זייערע שטעט

וואָס זיי זיינען דאָרטן געזעסן. [30]און די מענטשן פון בָּבל האָבן
געמאַכט סוכּות־בּנות, און די מענטשן פון כּות האָבן געמאַכט
נֵרגַל, און די מענטשן פון חֲמָת האָבן געמאַכט אֲשִימאָ, [31]און די
עַוים האָבן געמאַכט נִבחַז און תַּרתָּק, און די סְפַרוַיִם האָבן פֿאַר־
בּרענט זייערע קינדער אין פֿייער צו אַדרַמֶלֶך און עֲנַמֶלֶך,
די געטער פון סְפַרוַיִם. [32]דערבּיי פלעגן זיי פֿאָרכטן יהוה,
און זיי האָבן זיך געמאַכט פון צווישן זיך כֹּהנים פון בָּמות, וואָס
פלעגן מקריב זיין פֿאַר זיי אין די הייזער פון די בָּמות. [33]יהוה
פלעגן זיי פֿאָרכטן, אָבער זייערע געטער פלעגן זיי דינען, אַזוי
ווי דער שטייגער פון די פעלקער וואָס מע האָט זיי פון דאָרטן
אַוועקגעפירט.

[34]בּיז אויף הײַנטיקן טאָג טוען זיי אַזוי ווי די פריערדיקע
שטייגערס; זיי פֿאָרכטן ניט [אין גאַנצן] יהוה, און זיי טוען ניט
אַזוי ווי זייערע חוקים און ווי זייער געזעץ, און אַזוי ווי די תּורה
און ווי דאָס געבאָט וואָס גאָט האָט געבאָטן די קינדער פון יעקב,
וואָס ער האָט געמאַכט זיין נאָמען ישׂראל[א]; [35]וואָס גאָט האָט
מיט זיי געשלאָסן אַ בּונד, און האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן:
„איר זאָלט ניט פֿאָרכטן פרעמדע געטער, און איר זאָלט זיך
ניט בּוקן צו זיי, און זיי ניט דינען, און ניט שלאַכטן צו זיי;
[36]נייערט יהוה וואָס האָט אַייך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם
מיט גרויס שטאַרקייט, און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, אים
זאָלט איר פֿאָרכטן, און צו אים זאָלט איר זיך בּוקן, און צו אים
זאָלט איר שלאַכטן. [37]און די חוקים און די געזעצן, און די
תּורה און דאָס געבאָט, וואָס ער האָט פֿאַר אַייך געשריבּן,
זאָלט איר היטן צו טאָן אַלע טאָג; און איר זאָלט ניט פֿאָרכטן
פרעמדע געטער. [38]און דעם בּונד וואָס איך האָב געשלאָסן
מיט אַייך, זאָלט איר ניט פֿאַרגעסן; און איר זאָלט ניט פֿאָרכטן
פרעמדע געטער. [39]נייערט יהוה אַייער גאָט זאָלט איר

[א] זע בּראשית לב, 29.

פֿאַרכטן, און ער וועט אײַך מציל זײַן פֿון דער האַנט פֿון אַלע
אײַערע פֿײַנט". [40]אָבער זיי האָבן ניט צוגעהערט, נײַערט זיי
טוען אַזוי ווי זייער פֿריערדיקער שטייגער.
[41]און דידאָזיקע פֿעלקער פֿלעגן פֿאַרכטן יהוה, אָבער
זייערע געצן פֿלעגן זיי דינען; דעסגלײַכן זייערע קינדער און
זייערע קינדסקינדער–אַזוי ווי זייערע עלטערן האָבן געטאָן,
אַזוי טוען זיי ביז אויף הײַנטיקן טאָג.

יח [1]און עס איז געווען אין דריטן יאָר פֿון הושע דעם זון פֿון
אֵלָה, דעם מלך פֿון ישׂראל, איז חִזקִיָה דער זון פֿון אָחָז
דעם מלך פֿון יהודה געוואָרן מלך. [2]פֿינף און צוואַנציק יאָר
איז ער אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן מלך, און נײַן און
צוואַנציק יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען
פֿון זײַן מוטער איז געווען אַבִי די טאָכטער פֿון זכַריָהן.
[3]און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפֿאַרטיק אין די אויגן
פֿון גאָט, אַזוי ווי אַלץ וואָס זײַן פֿאָטער דוד האָט געטאָן. [4]ער
האָט אָפּגעטאָן די בָמות, און צעבראָכן די זײַלשטיינער, און אָפּ־
געהאַקט די אַשֵרָה. און ער האָט צעהאַקט די קופּערנע שלאַנג
וואָס משה האָט געמאַכט[א]; וואָרום ביז יענע טעג פֿלעגן די
קינדער פֿון ישׂראל רייכערן צו איר, און מע האָט זי גערופֿן
נחושתָן[ב]. [5]ער האָט זיך פֿאַרזיכערט אויף גאָט דעם האַר פֿון
ישׂראל, און נאָך אים איז ניט געווען אַזאַ ווי ער צווישן אַלע
מלכים פֿון יהודה, אויך ניט צווישן די וואָס זײַנען געווען פֿאַר
אים. [6]וואָרום ער האָט זיך באַהעפֿט אָן גאָט, ער האָט זיך ניט
אָפּגעקערט פֿון הינטער אים, און ער האָט געהיט זײַנע געבאָט
וואָס גאָט האָט געבאָטן משהן. [7]און גאָט פֿלעגט זײַן מיט אים;
אומעטום וווּ ער פֿלעגט אַרויסגיין, פֿלעגט ער באַגליקן. און
ער האָט ווידערשפּעניקט אָן דעם מלך פֿון אשור, און האָט אים

[א] זע במדבר כא, 9. [ב] די קופּערנע.

ניט געדינט. 8 ער האָט געשלאָגן די פּלִשתּים ביז עַזָה און אירע
געמאַרקן, פֿון אַ װעכטערטורעם ביז אַ פֿעסטונגשטאָט.
9 און עס איז געװען אין פֿירטן יאָר פֿון מלך חִזקִיָהון–דאָס
איז דאָס זיבעטע יאָר פֿון הוֹשֵעַ דעם זון פֿון אֵלָהן, דעם מלך
פֿון ישׂראל– איז אַרױפֿגעצױגן שַלמַנאֶסֶר דער מלך פֿון אַשור
אױף שוֹמרוֹן, און האָט געלעגערט אױף איר. 10 און זײ האָבן
זי באַצװוּנגען צום סוֹף פֿון דרײַ יאָר; אין זעקסטן יאָר פֿון
חִזקִיָהן–דאָס איז דאָס נײַנטע יאָר פֿון הוֹשֵעַ דעם מלך פֿון
ישׂראל–איז שוֹמרוֹן באַצװוּנגען געװאָרן. 11 און דער מלך פֿון
אַשור האָט פֿאַרטריבן ישׂראל קײן אַשור, און האָט זײ אַװעק־
געפֿירט אין חַלַח, און אין חָבוֹר, בײַם טײַך גוֹזָן, און אין די שטעט
פֿון מָדַי; 12 פֿאַרװאָס זײ האָבן ניט צוגעהערט צו דעם קָול פֿון
יהוה זײער גאָט, און האָבן איבערגעטרעטן זײַן בונד, אַלץ װאָס
משה דער קנעכט פֿון גאָט האָט זײ באַפֿוילן, און זײ האָבן ניט
צוגעהערט און ניט געטאָן.

13 און אין פֿערצנטן יאָר פֿון מלך חִזקִיָהון, איז אַרױפֿ־
געצױגן סַנחֵריב דער מלך פֿון אַשור אױף אַלע באַפֿעסטיקטע
שטעט פֿון יהודה, און האָט זײ אײַנגענומען.

14 האָט חִזקִיָה דער מלך פֿון יהודה געשיקט צו דעם מלך
פֿון אַשור קײן לָכִיש, אַזױ צו זאָגן: איך האָב געזינדיקט; קער
זיך אָפּ פֿון מיר; װאָס דו װעסט אױף מיר אַרױפֿלײגן, װעל איך
טראָגן.

האָט דער מלך פֿון אַשור אַרױפֿגעלײגט אױף חִזקִיָה דעם
מלך פֿון יהודה דרײַ הונדערט צענטנער זילבער און דרײַסיק
צענטנער גאָלד.

15 און חִזקִיָה האָט אַװעקגעגעבן דאָס גאַנצע זילבער װאָס
האָט זיך געפֿונען אין הױז פֿון גאָט און אין די שאַצקאַמערן פֿון
מלכס הױז. 16 אין יענער צײַט האָט חִזקִיָה אַרומגעהאַקט די

טירן פון דעם טעמפל פון גאָט, און די ביישטידלאַך וואָס חִזקִיָה
דער מלך פון יהודה האָט געהאַט איבערגעצויגן [מיט גאָלד],
און ער האָט עס געגעבן דעם מלך פון אַשור.
17און דער מלך פון אַשור האָט געשיקט תַּרתָּנען, און רַב־
סָריסן, און רַבשָקֵהן, פון לָכיש צום מלך חִזקִיָהון מיט אַ גרויסן
חיל קיין ירושָלַיִם. און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען און זיינען
געקומען קיין ירושָלַיִם; און ווי זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען, אַזוי
זיינען זיי געקומען און האָבן זיך געשטעלט ביי דעם גראָבן פון
דעם אויבערשטן טייך וואָס אויפן וועג פון וועשערפעלד. 18און
זיי האָבן גערופן צום מלך; איז אַרויסגעגאַנגען צו זיי אֶליָקים
דער זון פון חִלקִיָהון, וואָס איבערן פּאַלאַץ, און שֶבנאָ דער
שרייבער, און יוֹאָח דער זון פון אָסָפן, דער דערמאָנער.
19און רַבשָקֵה האָט צו זיי געזאָגט: זאָגט אָקאָרשט צו חִזקִיָהון
אַזוי האָט געזאָגט דער גרויסער מלך, דער מלך פון אַשור:
וואָס איז דידאָזיקע פאַרזיכערונג וואָס דו פאַרזיכערסט זיך?
20מיינסטו הויל ליפּנגערייד איז אַן עצה און גבורה פאַר מלחמה?
אַצונד, אויף וועמען פאַרזיכערסטו זיך, וואָס דו האָסט ווידער־
שפּעניקט אָן מיר? 21אַצונד זע, דו פאַרזיכערסט זיך אויף דעם
שטעקן פון דעמדאָזיקן צעבראָכענעם ראָר–אויף מִצרַיִם–
וואָס אַז אַ מענטש לענט זיך אויף אים אָן, גייט ער אים אַריין
אין דער האַנט, און לעכערט זי דורך; אַזוי איז פַּרעה דער מלך
פון מִצרַיִם פאַר אַלע וואָס פאַרזיכערן זיך אויף אים. 22און אַז
איר וועט מיר זאָגן: מיר פאַרזיכערן זיך אויף יהוה אונדזער
גאָט–איז דאָס ניט דער וואָס חִזקִיָהו האָט אָפּגעטאָן זיינע בָּמוֹת
און זיינע מזבחות, און האָט געזאָגט צו יהודה און צו ירושָלַיִם:
פאַר דעמדאָזיקן מזבח זאָלט איר זיך בוקן אין ירושָלַיִם? 23און
אַצונד, פאַרוועט זיך אָקאָרשט מיט מיין האַר דעם מלך פון
אַשור, און איך וועל דיר געבן צוויי טויזנט פערד, אויב דו

קענסט דיר אַרויפֿזעצן רײַטער אויף זיי. [24]הײַנט ווי קענסטו
אָפּשטויסן דעם פּנים פֿון אַ הויפּטמאַן, אײנעם פֿון די קלענסטע
קנעכט פֿון מײַן האַר? פֿון דעסטוועגן פֿאַרזיכערסטו זיך אויף
מִצרַיִם וועגן רײַטוועגן און רײַטער. [25]אַצונד, בין איך דען אָן
יהוה אַרויפֿגעקומען אויף דעמדאָזיקן אָרט, אים צו פֿאַרוויסטן?
יהוה האָט צו מיר געזאָגט: גײ אַרויף אויף דעמדאָזיקן לאַנד, און
פֿאַרוויסט עס.
[26]האָט אֶלְיָקִים דער זון פֿון חִלְקִיָהוּן, און שֶׁבנאָ, און יוֹאָח,
געזאָגט צו רַבשָׁקֵהן: רעד, איך בעט דיך, צו דײַנע קנעכט
אַראַמיש, וואָרום מיר פֿאַרשטײען עס, און רעד ניט צו אונדז
יהודיש אין די אויערן פֿון דעם פֿאָלק וואָס אויף דער מויער.
[27]האָט רַבשָׁקֵה צו זיי געזאָגט: האָט דען צו דײַן האַר און
צו דיר מיך געשיקט מײַן האַר צו רעדן דידאָזיקע ווערטער, און
ניט צו די מענטשן וואָס זיצן אויף דער מויער, צו עסן זײער
קויט, און צו טרינקען זײער לײַבוואַסער, בײַ אײַך?
[28]און רַבשָׁקֵה האָט זיך געשטעלט, און האָט אויסגערופֿן
אויף אַ הויכן קָול אויף יהודיש, און האָט גערעדט און געזאָגט:
הערט דאָס וואָרט פֿון דעם גרויסן מלך, דעם מלך פֿון אַשור.
[29]אַזוי האָט געזאָגט דער מלך: זאָל אײַך חִזקִיָהו ניט נאַרן,
וואָרום ער קען אײַך ניט מציל זײַן פֿון זײַן האַנט. [30]און זאָל
אײַך חִזקִיָהו ניט פֿאַרזיכערן אויף יהוה, אַזוי צו זאָגן: מציל זײַן
וועט אונדז מציל זײַן יהוה, און דידאָזיקע שטאָט וועט ניט
איבערגעגעבן ווערן אין דער האַנט פֿון דעם מלך פֿון אַשור.
[31]איר זאָלט ניט צוהערן צו חִזקִיָהון, וואָרום אַזוי האָט געזאָגט
דער מלך פֿון אַשור: מאַכט מיט מיר שלום, און קומט אַרויס צו
מיר, און עסט איטלעכער פֿון זײַן ווײַנשטאָק און איטלעכער
פֿון זײַן פֿײַגנבוים, און טרינקט איטלעכער דאָס וואַסער פֿון זײַן
ברונעם. [32]ביז איך קום, און וועל אײַך נעמען אין אַ לאַנד אַזוי

װי אײַער לאַנד, אַ לאַנד פֿון תּבֿואה און װײַן, אַ לאַנד פֿון ברױט
און װײַנגערטנער, אַ לאַנד פֿון אײלבערטן און האָניק, כּדי איר
זאָלט לעבן און ניט שטאַרבן; און איר זאָלט ניט צוהערן צו
חִזְקִיָהוּן, אַז ער װעט אײַך אײַנרעדן, אַזױ צו זאָגן: יהוה װעט
אונדז מציל זײַן. 33 האָבן מַציל דען מציל געװען די געטער פֿון
די פֿעלקער איטלאַכער זײַן לאַנד פֿון דער האַנט פֿון דעם
מלך פֿון אַשור? 34 װוּ זײַנען די געטער פֿון חַמָת, און אַרפַּד? װוּ
זײַנען די געטער פֿון ספַרוַיִם, הֵנַע, און עִוָה? האָבן זײ דען מַציל
געװען שוֹמרוֹן פֿון מײַן האַנט? 35 װער זײַנען צװישן אַלע געטער
פֿון די לענדער, װאָס האָבן מַציל געװען זײער לאַנד פֿון מײַן
האַנט, אַז יהוה זאָל מַציל זײַן ירוּשָלַיִם פֿון מײַן האַנט?
36 האָט דאָס פֿאָלק געשװיגן, און זײ האָבן אים אַ װאָרט ניט
געענטפֿערט, װאָרום דער באַפֿעל פֿון מלך איז געװען, אַזױ צו
זאָגן: איר זאָלט אים ניט ענטפֿערן.
37 איז געקומען אֶלְיָקים דער זון פֿון חִלְקִיָהן, װאָס איבערן
פּאַלאַץ, און שֶבנאָ דער שרײַבער, און יוֹאָח דער זון פֿון אָסָפֿן,
דער דערמאָנער, צו חִזְקִיָהוּן, מיט צעריסענע קלײדער, און זײ
האָבן אים דערצײלט די װערטער פֿון רַבשָקֵהן.

יט 1 און עס איז געװען, װי דער מלך חִזְקִיָהוּ האָט עס געהערט,
אַזױ האָט ער צעריסן זײַנע קלײדער, און זיך צוגעדעקט
מיט זאַק, און ער איז געקומען אין הױז פֿון גאָט. 2 און ער האָט
געשיקט אֶלְיָקימען װאָס איבערן פּאַלאַץ, און שֶבנאָ דעם
שרײַבער, און די עלטסטע פֿון די כּהנים, צוגעדעקט מיט זאַק
קלײדער, צו ישַעְיָהוּ הַנָבִיא דעם זון פֿון אָמוֹצן. 3 און זײ האָבן
צו אים געזאָגט: אַזױ האָט געזאָגט חִזְקִיָהוּ: אַ טאָג פֿון נױט און
שטראָף און שמאַך איז הײַנטיקער טאָג, װאָרום די קינדער זײַנען
געקומען צום מוטערמױל, און ניטאָ קײן כּוח צו געבערן. 4 אפֿשר

וועט יהוה דײַן גאָט הערן אַלע ווערטער פֿון רַבְשָׁקֵהן, וואָס זײַן
האַר דער מלך פֿון אַשור האָט אים געשיקט צו לעסטערן דעם
לעבעדיקן גאָט, און ער וועט שטראָפֿן פֿאַר די רייד וואָס יהוה
דײַן גאָט האָט געהערט; דרום זאָלסטו אויפֿהייבן אַ תּפֿילה
פֿאַר דעם איבערבלײַב וואָס געפֿינט זיך דאָ.

[5]און ווי די קנעכט פֿון מלך חִזְקִיָהון זײַנען געקומען צו
ישַׁעְיָהון, [6]האָט ישַׁעְיָהו צו זיי געזאָגט: אַזוי זאָלט איר זאָגן צו
אײַער האַר: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זאָלסט ניט מורא האָבן
פֿאַר די ווערטער וואָס דו האָסט געהערט, מיט וואָס די יונגען
פֿון דעם מלך פֿון אַשור האָבן מיך געשענדט. [7]זע, איך גיב
אַרײַן אין אים אַ גײַסט, און ער וועט הערן אַ הערונג, און וועט
זיך אומקערן צו זײַן לאַנד; און איך וועל אים מאַכן פֿאַלן דורכן
שווערד אין זײַן לאַנד.

[8]און רַבְשָׁקֵה האָט זיך אומגעקערט, און האָט געפֿונען דעם
מלך פֿון אַשור מלחמה האַלטנדיק אויף לִבְנָה; וואָרום ער האָט
געהאַט געהערט אַז ער האָט אַוועקגעצויגן פֿון לָכִיש.

[9]און [סַנְחֵריב] האָט געהערט אויף תִּרְהָקָה דעם מלך פֿון
כּוּשׁ, אַזוי צו זאָגן: ער איז אַרויסגעגאַנגען מלחמה צו האַלטן
מיט דיר. און ער האָט ווידער געשיקט שלוחים צו חִזְקִיָהון,
אַזוי צו זאָגן: [10]אַזוי זאָלט איר זאָגן צו חִזְקִיָהו דעם מלך פֿון
יהודה, אַזוי צו זאָגן: זאָל דיך ניט נאַרן דײַן גאָט, וואָס דו פֿאַר־
זיכערסט זיך אויף אים, אַזוי צו זאָגן: ירוּשָׁלַיִם וועט ניט איבער־
געגעבן ווערן אין דער האַנט פֿון דעם מלך פֿון אַשור. [11]אָט
האָסטו געהערט וואָס די מלכים פֿון אַשור האָבן געטאָן צו אַלע
לענדער, זיי צו פֿאַרווּסטן, און דו ווילסט ניצול ווערן? [12]האָבן
די געטער פֿון די פֿעלקער מַציל געווען די וואָס מײַנע עלטערן
האָבן צעשטערט, גוֹזָן, און חָרָן, און רֶצֶף, און די קינדער פֿון
עֶדֶן וואָס אין תְּלַשָּׂר? [13]וווּ איז דער מלך פֿון חֲמָת, און דער מלך

פון אַרפּד, און דער מלך פון דער שטאָט ספרוַיִם, פון הנע,
און עִוָה?
[14] האָט חִזקִיָהו צוגענומען דעם בריוו פון דער האַנט פון די
שלוחים, און האָט אים איבערגעלייענט; און ער איז אַרויפֿ־
געגאַנגען אין הויז פון גאָט; און חִזקִיָהו האָט אים אויסגעשפּרייט
פאַר גאָט. [15] און חִזקִיָהו האָט מתפּלל געווען צו גאָט, און האָט
געזאָגט: יהוה דו גאָט פון ישׂראל וואָס זיצט איבער די כּרובים,
דו אַליין ביסט דער גאָט איבער אַלע קיניגרייכן פון דער ערד;
דו האָסט געמאַכט די הימלען און די ערד. [16] נייג, יהוה, דיין
אויער, און הער; עפן, יהוה, דיינע אויגן, און זע; און הער די
ווערטער פון סַנחֵריבן וואָס האָט אים געשיקט צו לעסטערן
דעם לעבעדיקן גאָט. [17] אמת, יהוה, די מלכים פון אַשור האָבן
חָרֵב געמאַכט די פעלקער און זייער לאַנד, [18] און זיי האָבן
איבערגעגעבן זייערע געטער צום פייער; וואָרום זיי זיינען קיין
געטער ניט געווען, נאָר בלויז דאָס ווערק פון אַ מענטשנס האַנט,
האָלץ און שטיין; דרום האָבן זיי זיי אונטערגעבראַכט. [19] און
אַצונד, יהוה אונדזער גאָט, העלף אונדז, איך בעט דיך, פון זיין
האַנט, און זאָלן אַלע קיניגרייכן פון דער ערד וויסן, אַז דו יהוה
אַליין ביסט גאָט.
[20] האָט ישַעְיָהו דער זון פון אָמוֹצן געשיקט צו חִזקִיָהון, אַזוי
צו זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער גאָט פון ישׂראל: וואָס דו
האָסט מתפּלל געווען צו מיר וועגן סַנחֵריב דעם מלך פון אַשור
האָב איך צוגעהערט. [21] דאָס איז דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט
וועגן אים גערעדט:

עס פאַראַכט דיך, עס שפּאָט פון דיר
די יונגפרוי טאָכטער ציון;
עס שאָקלט דעם קאָפּ הינטער דיר
די טאָכטער ירושָלַיִם.

22 װעמען האָסטו געלעסטערט און געשענדט?
און אויף װעמען האָסטו דײַן קָול אױפֿגעהױבן?
יאָ, האָסט געהױבן דײַנע אױגן אין דער הײך
אַקעגן דעם הײליקן פֿון ישׂראל.
23 דורך דײַנע שלוחים האָסטו געלעסטערט גאָט,
און געזאָגט: מיט מײַנע פֿיל רײַטװעגן
בין איך צו דער הײך פֿון די בערג אַרױף,
צו די װינקלען פֿון לְבָנוֹן;
און איך האָק אָפּ זײַנע הױכע צעדערן,
זײַנע געקליבענע ציפּרעסבױמער;
און איך קום צו זײַן עקסטן האַרבעריק,
צום װאַלד פֿון זײַן פֿרוכטגאָרטן.
24 איך האָב געגראָבן און געטרונקען
װאַסערן פֿרעמדע,
און טריקן אױס מיט מײַנע פֿוססטריט
אַלע טײַכן פֿון מִצְרַיִם.

25 האָסטו דען ניט געהערט?
פֿון לאַנג אָן האָב איך עס צוגעגרײט,
פֿון אַלטע טעג האָב איך עס געפֿורעמט;
אַצונד האָב איך עס געבראַכט עס זאָל געשען,
כּדי צו פֿאַרװיסטן אױף חורבֿהדהױפֿנס
באַפֿעסטיקטע שטעט.
26 דרום זײַנען זײערע באַװױנער קורצמאַכטיק,
זײ זײַנען צעבראָכן און פֿאַרשעמט;
זײ זײַנען געװאָרן גראָז פֿון פֿעלד,
און קרײַטאַכץ גרינע,
מאָך פֿון די דעכער,
און תּבֿואה פֿאַרדאַרט אײדער אױפֿגעװאַקסן.

27 אָבער איך ווייס דײַן זיצן,
און דײַן גיין און דײַן קומען,
און דײַן שטורעמען קעגן מיר.
28 ווײַל דײַן שטורעמען קעגן מיר
און דײַן ליאַרעם איז אַרויף אין מײַנע אויערן,
דרום וועל איך אַרײַנטאָן מײַן רינג אין דײַן נאָז,
און מײַן צאַם אין דײַנע ליפּן,
און איך וועל דיך אומקערן אויף דעם וועג
וואָס דו ביסט געקומען אויף אים.

29 און דאָס וועט דיר זײַן דער צייכן:
איר וועט עסן הײַיאָר נאָכוווּקס,
און אויפֿן צווייטן יאָר ווידערוווּקס;
און אויפֿן דריטן יאָר, זייט און שנײַדט,
און פֿלאַנצט ווײַנגערטנער, און עסט זייער פּרוכט.
30 און דער אַנטרונענער איבערבלײַב פֿון דעם הויז פֿון יהודה
וועט ווידער וואָרצלען אונטן, און טראָגן פּרוכט אויבן.
31 וואָרום פֿון ירושלים וועט אַרויסקומען אַן איבערבלײַב,
און אַן אַנטרינונג פֿון באַרג ציון;
דאָס אָננעמען זיך פֿון גאָט פֿון צבֿאָות וועט דאָס טאָן.

32 פֿאַרוואָר, אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויפֿן מלך פֿון אַשור:
ער וועט ניט אַרײַנקומען אין דערדאָזיקער שטאָט,
און ניט אַרײַנשיסן אַהין אַ פֿײַל,
און ניט קומען פֿאַר איר מיט אַ שילד,
און ניט אָנשיטן אַרום איר אַן ערדוואַל.
33 אויף דעם וועג וואָס ער איז געקומען,
אויף אים וועט ער זיך אומקערן,
און אין דערדאָזיקער שטאָט

ווערט ער ניט אַרײַנקומען, זאָגט גאָט.
34 און איך וועל באַשירעמען דידאָזיקע שטאָט, זי צו העלפֿן,
פֿון מײַנעטוועגן און פֿון מײַן קנעכט דודס וועגן.
35 און עס איז געווען אין יענער נאַכט, איז אַרויסגעגאַנגען
אַ מלאך פֿון גאָט און האָט געשלאָגן אין לאַגער פֿון אַשור
הונדערט און פֿינף און אַכציק טויזנט. און אַז מע האָט זיך
געפֿעדערט אין דער פֿרי, ערשט זיי זײַנען אַלע טויטע פּגרים.
36 און סַנחֵריב דער מלך פֿון אַשור האָט אַוועקגעצויגן, און
איז געגאַנגען און האָט זיך אומגעקערט; און ער איז געבליבן
אין נינוה.
37 און עס איז געווען, ווי ער בוקט זיך אין הויז פֿון זײַן גאָט
נִסרוֹך, אַזוי האָבן זײַנע זין אַדרַמֶלֶך און שַׂראֶצֶר אים דערשלאָגן
מיטן שווערד; און זיי זײַנען אַנטרונען געוואָרן אין לאַנד אֲרָרַט.
און זײַן זון אֵסַר־חַדוֹן איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

כ 1 אין יענע טעג איז חִזקִיָהו קראַנק געוואָרן צום שטאַרבן;
איז צו אים געקומען ישַעְיָהו הַנָבִיא דער זון פֿון אָמוֹצן, און
האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מאַך דײַן צַוָאָה
וועגן דײַן הויזגעזינט, וואָרום דו שטאַרבסט, און וועסט ניט
גענעזן ווערן.
2 האָט ער אומגעדרייט זײַן פּנים צו דער וואַנט, און האָט
מתפּלל געווען צו גאָט, אַזוי צו זאָגן: 3 איך בעט דיך, גאָט,
געדענק ווי איך בין געגאַנגען פֿאַר דיר מיט אמת, און מיט אַ
גאַנצן האַרצן, און וואָס איז גוט אין דײַנע אויגן האָב איך געטאָן.
און חִזקִיָהו האָט געוויינט אַ גרויס געוויין.
4 און עס איז געווען, ווען ישַעְיָהו איז נאָך ניט געווען אַרויס־
געגאַנגען פֿון דעם מיטלסטן הויף, איז דאָס וואָרט פֿון גאָט
געווען צו אים, אַזוי צו זאָגן: 5 קער זיך אום, און זאָלסט זאָגן צו

חִזְקִיָהוּ דעם פירשט פון מיין פאָלק: אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער
גאָט פון דיין פאָטער דודן: איך האָב געהערט דיין תּפילה, איך
האָב געזען דיין טרער; זע, איך הייל דיך; אויפן דריטן טאָג
װעסטו אַרויפגיין אין הויז פון גאָט. ו און איך װעל צולייגן צו
דיינע טעג פופצן יאָר, און פון דער האַנט פון דעם מלך פון
אַשור װעל איך דיך און דידאָזיקע שטאָט מציל זיין, און איך
װעל באַשירעמען דידאָזיקע שטאָט פון מיינעטװעגן און פון מיין
קנעכט דודס װעגן.

ז און ישַעְיָהוּ האָט געזאָגט: נעמט געפּרעסטע פייגן. און
זיי האָבן עס גענומען און אַרויפגעטאָן אויפן אויסשלאָג, און ער
איז גענעזן געװאָרן.

ח און חִזְקִיָהוּ האָט געזאָגט צו ישַעְיָהוּן: װאָס איז דער צייכן
אַז גאָט װעט מיך היילן, און איך װעל אַרויפגיין אויפן דריטן
טאָג אין הויז פון גאָט? ט האָט ישַעְיָהוּ געזאָגט: דאָס װעט דיר זיין
דער צייכן פון גאָט, אַז גאָט װעט טאָן די זאַך װאָס ער האָט
גערעדט: זאָל דער שאָטן גיין צען שטאַפּלען װייטער, אָדער
זיך אומקערן צען שטאַפּלען? י האָט חִזְקִיָהוּ געזאָגט: גרינג איז
דעם שאָטן זיך אַראָפּצונייגן צען שטאַפּלען; ניין, נייערט דער
שאָטן זאָל זיך אומקערן אויף צוריק צען שטאַפּלען.

יא האָט ישַעְיָהוּ הַנָבִיא גערופן צו גאָט, און ער האָט אומ־
געקערט דעם שאָטן צען שטאַפּלען צוריק אויף די שטאַפּלען
װאָס ער האָט געהאַט אַראָפּגענידערט אויף די שטאַפּלען פון
אָחָזן.

יב אין יענער צייט האָט בּראדך־בַּלְאֲדָן דער זון פון
בַּלְאֲדָנען, דער מלך פון בָּבל, געשיקט אַ בּריװ און אַ מתּנה צו
חִזְקִיָהוּן, װאָרום ער האָט געהערט אַז חִזְקִיָהוּ איז געװען קראַנק.
יג און חִזְקִיָהוּ האָט זיי צוגעהערט, און ער האָט זיי געװיזן זיין
גאַנץ שאַצהויז, דאָס זילבער און דאָס גאָלד, און די בּשָׂמים, און

דאָס גוטע אײל, און דאָס גאַנצע הויז פֿון זײַנע וואָפֿן, און אַלץ
וואָס האָט זיך געפֿונען אין זײַנע שאַצקאַמערן; ניט געווען אַ זאַך
אין זײַן הויז, און אין זײַן גאַנצער געוועלטיקייט, וואָס חִזקִיָהו
האָט זיי ניט געוויזן.

14 איז ישַעיָהו הַנָבִיא געקומען צום מלך חִזקִיָהון, און האָט צו
אים געזאָגט: וואָס האָבן דידאָזיקע מענטשן געזאָגט? און פֿון
וואַנען קומען זיי צו דיר? האָט חִזקִיָהו געזאָגט: פֿון אַ ווײַטן לאַנד
זײַנען זיי געקומען, פֿון בָבֶל. 15 האָט ער געזאָגט: וואָס האָבן זיי
געזען אין דײַן הויז? האָט חִזקִיָהו געזאָגט: אַלץ וואָס אין מײַן
הויז האָבן זיי געזען; ניט געווען אַ זאַך אין מײַנע שאַצקאַמערן
וואָס איך האָב זיי ניט געוויזן.

16 האָט ישַעיָהו געזאָגט צו חִזקִיָהון: הער דאָס וואָרט פֿון
גאָט: 17 זע, טעג קומען, און אַלץ וואָס אין דײַן הויז, און וואָס
דײַנע עלטערן האָבן אָנגעקליבן ביז הײַנטיקן טאָג, וועט אַוועק־
געטראָגן ווערן קיין בָבֶל; קיין זאַך וועט ניט איבערבלײַבן,
זאָגט גאָט. 18 און פֿון דײַנע זין וואָס וועלן אַרויסגיין פֿון דיר,
וואָס דו וועסט געבערן, וועט מען נעמען, און זיי וועלן זײַן הויף־
דינער אין פּאַלאַץ פֿון דעם מלך פֿון בָבֶל.

19 האָט חִזקִיָהו געזאָגט צו ישַעיָהון: גוט איז דאָס וואָרט פֿון
גאָט וואָס דו האָסט גערעדט. און ער האָט געזאָגט: פֿאַרוואָר,
אויב שלום און זיכערקייט וועט זײַן אין מײַנע טעג!

20 און די איבעריקע זאַכן וועגן חִזקִיָהון, און זײַן גאַנצע
גבורהשאַפֿט, און ווי ער האָט געמאַכט דעם טײַך און דעם
גראָבן, און אַרײַנגעבראַכט וואַסער אין שטאָט, דאָס איז שוין
באַשריבן אין בוך פֿון די צײַטגעשעענישן פֿון די מלכים פֿון
יהודה.

21 און חִזקִיָהו האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און זײַן
זון מנַשֶה איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

כא 1צוועלף יאָר איז מנשה אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און פינף און פופציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושלים. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען חפצי־בה.
2און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
אַזוי ווי די אומווערדיקייטן פון די פעלקער וואָס גאָט האָט
פאַרטריבן פון פאַר די קינדער פון ישראל. 3און ער האָט
אָפגעבויט די במות וואָס זיין פאָטער חזקיהו האָט צעשטערט,
און ער האָט אויפגעשטעלט מזבחות צו בעל, און האָט געמאַכט
אַן אשרה, אַזוי ווי אחאב דער מלך פון ישראל האָט געטאָן,
און ער האָט זיך געבוקט צום גאַנצן חיל פון הימל, און זיי
געדינט. 4און ער האָט געבויט מזבחות אין הויז פון גאָט, וואָס
גאָט האָט געזאָגט: אין ירושלים וועל איך טאָן מיין נאָמען. 5און
ער האָט געבויט מזבחות צום גאַנצן חיל פון הימל אין ביידע
הויפן פון גאָטס הויז. 6און ער האָט געמאַכט דורכגיין זיין זון
דורכן פייער*, און האָט געבראָכט צייכנזעעריי און געצויבערט,
און אייַנגעשאַפט גייסטערזעער און טויטנבאַשווערער; ער האָט
געמערט צו טאָן שלעכטס אין די אויגן פון גאָט, צו דער־
צערענען. 7און ער האָט אַרייַנגעשטעלט דעם געץ פון דער
אשרה וואָס ער האָט געמאַכט, אין דעם הויז וואָס גאָט האָט
געזאָגט צו דודן און צו זיין זון שלמהן: אין דעמדאָזיקן הויז און
אין ירושלים וואָס איך האָב אויסדערוויילט פון אַלע שבטים
פון ישראל, וועל איך טאָן מיין נאָמען אויף אייביק; 8און איך
וועל מער ניט פאַרוואָגלען דעם פוס פון ישראל פון דער ערד
וואָס איך האָב געגעבן זייערע עלטערן, אויב זיי וועלן נאָר
היטן צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס איך האָב זיי באַפוילן, און לויט
דער גאַנצער תורה וואָס מיין קנעכט משה האָט זיי באַפוילן.
9אָבער זיי האָבן ניט צוגעהערט; און מנשה האָט זיי פאַרפירט

* פאַרברענט צום גאָט מולך.

צו טאָן מער שלעכטס ווי די פעלקער וואָס גאָט האָט פאַר־
טיליגט פון פאַר די קינדער פון ישׂראל.

10און גאָט האָט גערעדט דורך זיינע קנעכט די נביאים, אַזוי
צו זאָגן: 11ווייל מנשה דער מלך פון יהודה האָט געטאָן דידאָזיקע
אומווערדיקייטן, איז באַגאַנגען ערגערס ווי אַלץ וואָס די
אמורים וואָס פאַר אים האָבן געטאָן, און האָט אויך געמאַכט
זינדיקן יהודה מיט זיינע אָפּגעטער, 12דרום האָט אַזוי געזאָגט
יהוה דער גאָט פון ישׂראל: זע, איך ברענג אַן אומגליק אויף
ירושלים און יהודה, אַז איטלאַכער וואָס הערט עס, וועלן
קלינגען זיינע ביידע אויערן. 13און איך וועל ציען אויף
ירושלים די מעסטשנור פון שומרון, און די וואָגשנור פון אַחאָבס
הויז; און איך וועל אויסווישן ירושלים, אַזוי ווי מע ווישט אויס
אַ שיסל, אויסגעווישט און אומגעקערט אויף איר פּנים. 14און
איך וועל אַוועקוואַרפן דעם איבערבלייב פון מיין אַרב, און
וועל זיי געבן אין דער האַנט פון זייערע פיינט, און זיי וועלן
זיין צו רויב און צו אויסרויבונג פאַר אַלע זייערע פיינט. 15ווייל
זיי האָבן געטאָן וואָס איז שלעכט אין מיינע אויגן, און האָבן מיך
דערצערנט פון דעם טאָג וואָס זייערע עלטערן זיינען אַרויס־
געגאַנגען פון מצרים און ביז אויף היינטיקן טאָג.

16און אויך אומשולדיק בלוט האָט מנשה פאַרגאָסן זייער
פיל, ביז ער האָט אָנגעפילט ירושלים פון עק צו עק; אַחוץ זיין
זינד וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן יהודה, צו טאָן וואָס איז
שלעכט אין די אויגן פון גאָט.

17און די איבעריקע זאַכן וועגן מנשהן, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, און זיין זינד וואָס ער האָט געזינדיקט, דאָס איז
שוין באַשריבן אין בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון
יהודה.

18און מנשה האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און ער

איז באַגראָבן געוואָרן אין דעם גאָרטן פון זײַן הויז, אין דעם
גאָרטן פון עוזאָן. און זײַן זון אָמון איז געוואָרן מלך אויף זײַן
אָרט.

[19]צוויי און צוואַנציק יאָר איז אָמון אַלט געווען, אַז ער איז
געוואָרן מלך, און צוויי יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושלַיִם.
און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז געווען משולֶמֶת די טאָכטער
פון חָרוּצן, פון יָטבָה.
[20]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
אַזוי ווי זײַן פאָטער מְנַשֶה האָט געטאָן. [21]און ער איז געגאַנגען
אין אַלדעם וועג וואָס זײַן פאָטער איז געגאַנגען, און ער האָט
געדינט די אָפּגעטער וואָס זײַן פאָטער האָט געדינט, און האָט
זיך צו זיי געבוקט. [22]און ער האָט פאַרלאָזן יהוה דעם גאָט
פון זײַנע עלטערן, און איז ניט געגאַנגען אין דעם וועג פון יהוה.
[23]און די קנעכט פון אָמונען האָבן געמאַכט אַ בונט אויף
אים, און האָבן געטייט דעם מלך אין זײַן הויז. [24]און דאָס פאָלק
פון לאַנד האָט דערשלאָגן אַלע וואָס האָבן געמאַכט דעם בונט
אויף דעם מלך אָמון. און דאָס פאָלק פון לאַנד האָט געמאַכט
זײַן זון יֹאשִיָהון פאַר מלך אויף זײַן אָרט.
[25]און די איבעריקע זאַכן פון אָמונען וואָס ער האָט געטאָן,
זיי זײַנען שוין באַשריבן אין בוך פון די צײַטגעשעענישן פון די
מלכים פון יהודה.
[26]און מע האָט אים באַגראָבן אין זײַן קבר, אין דעם גאָרטן
פון עוזאָן. און זײַן זון יֹאשִיָהו איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

כב [1]אַכט יאָר איז יֹאשִיָהו אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און איין און דרײַסיק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זײַן מוטער איז געווען ידידָה
די טאָכטער פון עֲדָיָהן, פון בָּצקַת.

[3]און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט, און איז געגאַנגען אין אַלדעם וועג פון זיין פאָטער דודן, און האָט זיך ניט אָפּגעקערט רעכטס אָדער לינקס.

[3]און עס איז געווען אין אַכצנטן יאָר פון מלך יאשִׁיָהון, האָט דער מלך געשיקט שָפָן דעם זון פון אַצַליָהו, דעם זון פון משולָמען, דעם שרייבער, אין הויז פון גאָט, אַזוי צו זאָגן: [4]גיי אַרויף צו חִלקִיָהו דעם כֹּהן־גָדול, און זאָל ער צונויפציילן דאָס געלט וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין הויז פון גאָט, וואָס די שוועלהיטערס האָבן געזאַמלט פון פאָלק. [5]און זאָל מען עס געבן אויף דער האַנט פון די ווערקמייַנסטערס וואָס זיינען געשטעלט איבער דעם הויז פון גאָט; און זיי זאָלן עס געבן צו די בעל־מלאָכהס וואָס אין הויז פון גאָט, אויף צו פאַרריכטן די צעבראָכענע ערטער פון הויז; [6]צו די האָלצמייַנסטערס, און צו די בוימייַנסטערס, און צו די מויערער, און אויף צו קויפן האָלץ און געהאַקטע שטיינער, צו פאַרריכטן דאָס הויז. [7]און מע זאָל זיך ניט רעכענען מיט זיי וועגן דעם געלט וואָס ווערט געגעבן אויף זייער האַנט, ווייַרט אויף נאמנות זאָלן זיי אַרבעטן.

[8]און חִלקִיָהו דער כֹּהן־גָדול האָט געזאָגט צו שָפָן דעם שרייבער: דאָס בוך פון דער תּורה האָב איך געפונען אין הויז פון גאָט. און חִלקִיָהו האָט געגעבן דאָס בוך צו שָפָנען, און ער האָט עס איבערגעלייענט.

[9]און שָפָן דער שרייבער איז געקומען צום מלך, און האָט געבראַכט דעם מלך אָן ענטפער, און האָט געזאָגט: דיינע קנעכט האָבן אויסגעשאָטן דאָס געלט וואָס האָט זיך געפונען אין הויז, און זיי האָבן עס געגעבן אויף דער האַנט פון די ווערק־מייַנסטערס וואָס זיינען געשטעלט איבער דעם הויז פון גאָט.

[10]און שָפָן דער שרייבער האָט דערציילט דעם מלך, אַזוי צו זאָגן: חִלקִיָה דער כֹּהן האָט מיר געגעבן אַ בוך. און שָפָן

האָט עס געלייענט פאַרן מלך. 11און עס איז געווען, ווי דער
מלך האָט געהערט די ווערטער פון דעם בוך פון דער תּורה,
אַזוי האָט ער צעריסן זיינע קליידער. 12און דער מלך האָט
באַפוילן חִלקִיָה דעם כּהן, און אַחִיקָם דעם זון פון שָפָנען, און
עַכבּור דעם זון פון מִיכָיָהן. און שָפָן דעם שרייבער, און עֲשָׂיָה
דעם מלכס דינער, אַזוי צו זאָגן: 13גייט פרעגט ביי גאָט פאַר מיר,
און פאַר דעם פאָלק, און פאַר גאַנץ יהודה, וועגן די ווערטער
פון דעמדאָזיקן געפונענעם בוך, וואָרום גרויס איז דער גרימ־
צאָרן פון גאָט וואָס איז אָנגעצונדן אויף אונדז, פאַרוואָס
אונדזערע עלטערן האָבן ניט צוגעהערט צו די ווערטער פון
דעמדאָזיקן בוך, צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס איז אָנגעשריבן פאַר
אונדז.
14איז געגאַנגען חִלקִיָהו דער כּהן, און אַחִיקָם, און עַכבּור,
און שָפָן, און עֲשָׂיָה, צו חולדָה דער נביאה, דער ווייב פון שַלום
דעם זון פון תִּקוָה דעם זון פון חַרחַס, דעם קליידער היטער–
און זי האָט געוווינט אין ירושָלַיִם, אין צווייטן שטאָטפערטל–
און זיי האָבן גערעדט צו איר. 15האָט זי צו זיי געזאָגט: אַזוי האָט
געזאָגט יהוה דער גאָט פון ישׂראל: זאָגט צו דעם מאַן וואָס האָט
אײַך געשיקט צו מיר: 16אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זע, איך ברענג
אַן אומגליק אויף דעמדאָזיקן אָרט און אויף זיינע באַוווינער–
אַלע ווערטער פון דעם בוך וואָס דער מלך פון יהודה האָט
געלייענט; 17דערפאַר וואָס זיי האָבן מיך פאַרלאָזן, און האָבן
גערייכערט צו פרעמדע געטער, כּדי מיך צו דערצערענען מיט
אַלע מעשׂים פון זייערע הענט, דרום וועט מיין גרימצאָרן זיך
אָנצינדן אויף דעמדאָזיקן אָרט, און וועט ניט פאַרלאָשן ווערן.
18און צו דעם מלך פון יהודה וואָס שיקט אײַך פרעגן ביי גאָט,
צו אים זאָלט איר אַזוי זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט יהוה דער גאָט
פון ישׂראל: וועגן די ווערטער וואָס דו האָסט געהערט, 19איז,

ווייל דײַן האַרץ איז ווייך געוואָרן, און ביסט געוואָרן אונטער־
טעניק פֿאַר גאָט ווען דו האָסט געהערט וואָס איך האָב גערעדט
אויף דעמדאָזיקן אָרט און אויף זײַנע באַוווינער, אַז זיי וועלן
ווערן פֿאַר אַ שרעק און פֿאַר אַ קללה, און האָסט צעריסן דײַנע
קליידער, און האָסט געוויינט פֿאַר מיר, האָב איך אויך
צוגעהערט, זאָגט גאָט. [20]דרום זע, איך זאַמל דיך איין צו דײַנע
עלטערן, און וועסט אײַנגעזאַמלט ווערן אין דײַן קבר בשלום,
און דײַנע אויגן וועלן ניט זען דאָס גאַנצע בייז וואָס איך ברענג
אויף דעמדאָזיקן אָרט.
און זיי האָבן געבראַכט צום מלך דעם ענטפֿער.

כג [1]און דער מלך האָט געשיקט, און מע האָט אײַנגעזאַמלט
צו אים אַלע עלטסטע פֿון יהודה און ירושָלַיִם. [2]און דער
מלך איז אַרויפֿגעגאַנגען אין הויז פֿון גאָט, און אַלע מענער פֿון
יהודה און אַלע באַוווינער פֿון ירושָלַיִם מיט אים, און די כּהנים,
און די נביאים, און דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון קליין ביז גרויס, און
ער האָט געלייענט אין זייערע אויערן אַלע ווערטער פֿון דעם
בוך פֿון בונד וואָס איז געפֿונען געוואָרן אין הויז פֿון גאָט. [3]און
דער מלך האָט זיך געשטעלט אויף אַ בימה, און ער האָט
געשלאָסן אַ בונד פֿאַר גאָט, צו גיין נאָך גאָט, און צו היטן זײַנע
געבאָט און זײַנע אָנזאָגן און זײַנע געזעצן מיטן גאַנצן האַרצן
און מיט דער גאַנצער זעל, מקיים צו זײַן די ווערטער פֿון דעמ־
דאָזיקן בונד וואָס שטייען געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך. און
דאָס גאַנצע פֿאָלק איז צוגעשטאַנען צו דעם בונד.
[4]און דער מלך האָט באַפֿוילן חִלְקִיָהו דעם כּהן־גָדול, און
די אונטער־כּהנים, און די שוועלהיטערס, אַרויסצוטראָגן פֿון
דעם טעמפּל פֿון גאָט אַלע כּלים וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן
פֿאַר בַּעַל, און פֿאַר דער אַשֵרָה, און פֿאַר דעם גאַנצן חיל פֿון

הימל; און ער האָט זיי פאַרברענט דרויסן פון ירושָלַיִם אין די
פעלדער פון קִדרון, און האָט אַוועקגעטראָגן זייער אַש קיין
בֵּית־אֵל. 5און ער האָט אָפּגעשאַפט די פּריסטער וואָס די
מלכים פון יהודה האָבן אויפגעזעצט, און וואָס האָבן
גערייכערט אויף די בָּמות, אין די שטעט פון יהודה און אין די
אַרומיקע ערטער פון ירושָלַיִם; און די וואָס האָבן גערייכערט
צו בַּעַל, צו דער זון, און צו דער לְבָנָה, און צו די מַזָלות, און
צום גאַנצן חיל פון הימל. 6און ער האָט אַרויסגעטראָגן די
אֲשֵרָה פון דעם הויז פון גאָט דרויסן פון ירושָלַיִם צום טייך
קִדרון, און האָט זי פאַרברענט בײַם טייך קִדרון, און צעמאָלן
אויף שטויב, און צעוואָרפן איר שטויב אויף די קברים פון די
קינדער פון פאָלק. 7און ער האָט צעבראָכן די הײַזער פון די
שאַנדמענער וואָס אין הויז פון גאָט, וואָס די ווײַבער פלעגן
דאָרטן וועבן צודעקן פאַר דער אֲשֵרָה. 8און ער האָט צונויפ־
געבראַכט אַלע כֹּהנים פון די שטעט פון יהודה, און האָט פאַר־
אומרייניקט די בָּמות וואָס די כֹּהנים האָבן דאָרטן גערייכערט,
פון גֶבַע ביז בְּאֵר־שֶבַע; און ער האָט צעבראָכן די בָּמות פון די
טויערן וואָס בײַם טויעראײַנגאַנג פון יהושוּעַ דעם שטאָטהאַר,
וואָס אויף דער לינקער זײַט פון דעם וואָס קומט אַרײַן אין
שטאָטטויער. 9אָבער די כֹּהנים פון די בָּמות זײַנען ניט אַרויפ־
געגאַנגען צום מזבח פון גאָט אין ירושָלַיִם; נייערט זיי האָבן
געגעסן דאָס אומגעזײַערטע ברויט צווישן זייערע ברידער.
10און ער האָט פאַראומרייניקט תּוֹפֶת וואָס אין טאָל פון
בֶּן־הִנוֹם, אַז קיינער זאָל ניט מאַכן דורכגיין זײַן זון אָדער זײַן
טאָכטער דורכן פײַער צו מוֹלֶך. 11און ער האָט אָפּגעשאַפט די
פערד וואָס די מלכים פון יהודה האָבן געגעבן צו דער זון בײַם
אײַנגאַנג פון דעם הויז פון גאָט, לעבן דער קאַמער פון נְתַן־מֶלֶך
דעם הויפּדינער, וואָס אין די פאַרהויפן; און די רייטוועגן פון

דער זון האָט ער פֿאַרבֿרענט אין פֿייער. [12]און די מזבחות וואָס
אויפֿן דאַך פֿון אָחָזעס אויבערשטובֿ, וואָס די מלכים פֿון יהודה
האָבן געמאַכט, און די מזבחות וואָס מנַשֶׁה האָט געמאַכט אין
ביידע הויפֿן פֿון גאָטס הויז, האָט צעבראָכן דער מלך און
צעהאַקט פֿון דאָרטן, און אַריינגעוואָרפֿן זייער שטויבּ אין טייך
קִדרוֹן. [13]אויך די בָּמות וואָס פֿאַר ירושָלַיִם, וואָס אויף דער
רעכטער זייט פֿון דעם באַרג פֿון פֿאַרדאַרבער, וואָס שלמה
דער מלך פֿון ישׂראל האָט געבויט צו עַשתוֹרֶת, דער אומ־
ווערדיקייט פֿון די צידוֹנים, און צו כּמוֹש, דער אומווערדיקייט
פֿון מוֹאָב, און צו מִלכּוֹם, דער אומווערדיקייט פֿון די קינדער
פֿון עַמוֹן, האָט דער מלך פֿאַראומרייניקט. [14]און ער האָט
צעבראָכן די זיילשטיינער, און אָפּגעהאַקט די געצנבוימער,
און אָנגעפֿילט זייער אָרט מיט ביינער פֿון מענטשן.
[15]און אויך דעם מזבח וואָס אין בֵּית־אֵל, די בָּמָה וואָס
יָרָבעָם דער זון פֿון נבָטן וואָס האָט געמאַכט זינדיקן ישׂראל,
האָט געמאַכט, אויך יענעם מזבח און די בָּמָה האָט ער
צעבראָכן; און ער האָט פֿאַרבֿרענט די בָּמָה, און צעמאָלן אויף
שטויבּ; און ער האָט פֿאַרבֿרענט די אֲשֵׁרָה.
[16]און ווי יֹאשִיָהו האָט זיך אומגעדרייט, אַזוי האָט ער דער־
זען די קבֿרים וואָס דאָרטן אויפֿן באַרג, און ער האָט געשיקט,
און האָט אַרויסגענומען די ביינער פֿון די קבֿרים, און פֿאַר־
בֿרענט אויפֿן מזבח, און האָט אים פֿאַראומרייניקט, אַזוי ווי דאָס
וואָרט פֿון גאָט וואָס עס האָט אויסגערופֿן דער געטלאַכער מאַן
וואָס האָט אויסגערופֿן דידאָזיקע זאַכן*.
[17]און ער האָט געזאָגט: וואָס איז יענער צייכן וואָס איך
זע? האָבן די מענטשן פֿון שטאָט צו אים געזאָגט: דאָס איז דער
קבֿר פֿון דעם געטלאַכן מאַן וואָס איז געקומען פֿון יהודה, און
האָט אויסגערופֿן דידאָזיקע זאַכן וואָס דו האָסט געטאָן צו דעמ־

*זע מלכים א׳ יג.

דאָזיקן מזבח אין בית־אֵל. [18]האָט ער צו זיי געזאָגט: לאָזט אים
אין רו; קײנער זאָל ניט רירן זײַנע בײנער. האָבן זיי אויס־
געלאָזט זײַנע בײנער מיט די בײנער פון דעם נביא וואָס איז
אַרויסגעקומען פון שומרון.

[19]און אויך אַלע הײַזער פון די בָמות וואָס אין די שטעט פון
שומרון, וואָס די מלכים פון ישׂראל האָבן געמאַכט, צו דער־
צערענען [גאָט], האָט יאֹשיָהו אָפּגעטאָן, און ער האָט געטאָן צו
זיי אַזוי ווי אַלע טואונגען וואָס ער האָט געטאָן אין בית־אֵל.
[20]און ער האָט געשלאַכט אַלע כֹהנים פון די בָמות וואָס זײַנען
דאָרטן געווען, אויף די מזבחות, און האָט פאַרברענט בײנער
פון מענטשן אויף זיי.

און ער האָט זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם.

[21]און דער מלך האָט באַפוילן דעם גאַנצן פאָלק, אַזוי צו
זאָגן: מאַכט אַ קָרבן־פֶּסח צו יהוה אײַער גאָט, אַזוי ווי עס שטייט
געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך פון בונד. [22]וואָרום אַזאַ ווי דער־
דאָזיקער קָרבן־פֶּסח איז ניט געמאַכט געוואָרן פון די טעג פון די
שופטים וואָס האָבן געמשפּט ישׂראל, און אין אַלע טעג פון די
מלכים פון ישׂראל, און די מלכים פון יהודה. [23]נאָר אין
אַכצנטן יאָר פון מלך יאֹשיָהון איז געמאַכט געוואָרן דער־
דאָזיקער קָרבן־פֶּסח צו גאָט אין ירושָלַיִם.

[24]און אויך די גײַסטערזעער און די טויטנבאַשווערער, און
די תּרָפים, און די אָפּגעטער, און אַלע אומווערדיקייטן וואָס
זײַנען געזען געוואָרן אין לאַנד יהודה און אין ירושָלַיִם, האָט
יאֹשיָהו אויסגעראַמט, כּדי מקיים צו זײַן די ווערטער פון דער
תּורה וואָס שטייען געשריבן אין דעם בוך וואָס חִלקִיָהו דער
כֹּהן האָט געפונען אין הויז פון גאָט.

[25]און אַזאַ ווי ער איז ניט געווען קיין מלך פאַר אים, וואָס
זאָל זיך אומקערן צו גאָט מיט זײַן גאַנצן האַרצן און מיט זײַן

גאַנצער זעל און מיט זיין גאַנצן כּוח, לויט דער גאַנצער תּורה
פון משהן; און נאָך אים איז ניט אויפגעשטאַנען אַזא ווי ער.

[26]אָבער גאָט האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון זיין גרויסן גרימ־
צאָרן ווען זיין צאָרן האָט געגרימט אויף יהודה, פאַר אַלע דער־
צערענונגען וואָס מנשה האָט אים דערצערנט. [27]און גאָט האָט
געזאָגט: אויך יהודה וועל איך אָפּטאָן פון מיין פּנים, אַזוי ווי איך
האָב אָפּגעטאָן ישׂראל; און איך וועל פאַראַכטן די דאָזיקע שטאָט
וואָס איך האָב אויסדערוויילט, ירושלים, און דאָס הויז וואָס
איך האָב געזאָגט: מיין נאָמען זאָל דאָרטן זיין.

[28]און די איבעריקע זאַכן פון יאשיהון, און אַלץ וואָס ער
האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צייט־
געשעענישן פון די מלכים פון יהודה.

[29]אין זיינע טעג איז אַרויפגעגאַנגען פּרעה־נכו דער מלך
פון מצרים אויף דעם מלך פון אשור, ביים טייך פּרת, און דער
מלך יאשיהו איז אים געגאַנגען אַקעגן; און ער האָט אים געטייט
אין מגדו, ווי ער האָט אים דערזען. [30]האָבן זיינע קנעכט אים
אַוועקגעפירט אַ טויטן פון מגדו, און זיי האָבן אים געבראַכט
קיין ירושלים, און האָבן אים באַגראָבן אין זיין קבר.

און דאָס פאָלק פון לאַנד האָט גענומען יהואָחז דעם זון פון
יאשיהון, און זיי האָבן אים געזאַלבט, און אים געמאַכט פאַר
מלך אויף זיין פאָטערס אָרט.

[31]דריי און צוואַנציק יאָר איז יהואָחז אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און דריי חדשים האָט ער געקיניגט אין
ירושלים. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען חמוטל,
די טאָכטער פון ירמיהון, פון לבנה.

[32]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
אַזוי ווי אַלץ וואָס זיינע עלטערן האָבן געטאָן.

33און פַּרעה־נכו האָט אים אײַנגעשפּאַרט אין רבלָה, אין לאַנד חֲמָת, אַז ער זאָל ניט קיניגן אין ירושָלַיִם. און ער האָט אַרױפֿגעלײגט אַ שטראָף אױפֿן לאַנד, הונדערט צענטנער זילבער, און אַ צענטנער גאָלד.

34און פַּרעה־נכו האָט געמאַכט אֶליָקים דעם זון פֿון יאשִיָהון פֿאַר מלך אױף דעם אָרט פֿון זײַן פֿאָטער יאשִיָהון, און ער האָט אומגעביטן זײַן נאָמען אױף יהוֹיָקים. און יהוֹאָחָזן האָט ער אַװעקגענומען; און ער איז געקומען קײן מִצרַיִם, און איז דאָרטן געשטאָרבן.

35און דאָס זילבער און דאָס גאָלד האָט יהוֹיָקים געגעבן צו פַּרעהן; אָבער ער האָט אָפּגעשאַצט דאָס לאַנד, כּדי צו געבן דאָס געלט לױט דעם באַפֿעל פֿון פַּרעהן; פֿון איטלאַכן לױט זײַן אָפּשאַצונג האָט ער אױפֿגעמאָנט דאָס זילבער און דאָס גאָלד פֿון דעם פֿאָלק פֿון לאַנד, כּדי צו געבן צו פַּרעה־נכון.

36פֿינף און צװאַנציק יאָר איז יהוֹיָקים אַלט געװען, אַז ער איז געװאָרן מלך, און עלף יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען פֿון זײַן מוטער איז געװען זבוּדָה די טאָכטער פֿון פְּדָיָהן, פֿון רוּמָה.

37און ער האָט געטאָן װאָס איז שלעכט אין די אױגן פֿון גאָט, אַזױ װי אַלץ װאָס זײַנע עלטערן האָבן געטאָן.

כד 1אין זײַנע טעג איז אַרױפֿגעצױגן נבוּכַדנֶצַר דער מלך פֿון בָּבל, און יהוֹיָקים איז געװען אַ קנעכט צו אים דרײַ יאָר; דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעקערט און האָט װידער־שפּעניקט אָן אים.

2און גאָט האָט אָנגעשיקט אױף אים באַנדעס פֿון כַּשׂדים, און באַנדעס פֿון אֲרָם, און באַנדעס פֿון מוֹאָב, און באַנדעס פֿון די קינדער פֿון עַמוֹן; און ער האָט זײ אָנגעשיקט אױף יהודה,

כּדי עס אונטערצוּבּרענגען, אַזוי ווי דאָס וואָרט פֿון גאָט וואָס
ער האָט גערעדט דורך זײַנע קנעכט די נבֿיאים. 3נאָר לויט
דעם מויל פֿון גאָט איז דאָס געשען אויף יהודה, כּדי זיי אָפּצוטאָן
פֿון זײַן פּנים, פֿאַר די זינד פֿון מנשהן, לויט אַלץ וואָס ער האָט
געטאָן. 4און אויך פֿאַר דעם אומשולדיקן בּלוט וואָס ער האָט
פֿאַרגאָסן, בּיז ער האָט אָנגעפֿילט ירושלַיִם מיט אומשולדיק
בּלוט; און גאָט האָט ניט געוואָלט פֿאַרגעבן.

5און די איבעריקע זאַכן וועגן יהויָקימען, און אַלץ וואָס
ער האָט געטאָן, דאָס איז שוין בּאַשריבן אין בּוך פֿון די צײַט־
געשעענישן פֿון די מלכים פֿון יהודה.

6און יהויָקים האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און זײַן
זון יהויָכין איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

7און דער מלך פֿון מִצרַיִם איז מער ווידער ניט אַרויס־
געגאַנגען פֿון זײַן לאַנד, וואָרום דער מלך פֿון בָּבֶל האָט
צוגענומען, פֿון דעם באַך פֿון מִצרַיִם בּיז דעם טײַך פְּרָת, אַלץ
וואָס געהערט צום מלך פֿון מִצרַיִם.

8אַכצן יאָר איז יהויָכין אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און דרײַ חדשים האָט ער געקיניגט אין ירושלַיִם, און דער
נאָמען פֿון זײַן מוטער איז געווען נחושתּא די טאָכטער פֿון
אֶלנָתָנען, פֿון ירושלַיִם.

9און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט,
אַזוי ווי אַלץ וואָס זײַן פֿאָטער האָט געטאָן.

10אין יענער צײַט זײַנען די קנעכט פֿון נבֿוכדנצר דעם מלך
פֿון בָּבֶל אַרויפֿגעגאַנגען אויף ירושלַיִם, און די שטאָט איז
געקומען אין בּאַלעגערונג. 11און נבֿוכדנצר דער מלך פֿון בָּבֶל
איז געקומען אויף דער שטאָט, בּעת זײַנע קנעכט האָבן
געלעגערט אויף איר.

[12]איז יהויָכין דער מלך פון יהודה אַרויסגעגאַנגען צו דעם
מלך פון בָבל, ער, און זיין מוטער, און זיינע קנעכט, און זיינע
האַרן, און זיינע הויפּדינער; און דער מלך פון בָבל האָט אים
אַוועקגענומען אין אַכטן יאָר פון זיין מלוכה.
[13]און ער האָט אַרויסגעצויגן פון דאָרטן אַלע אוצרות פון
גאָטס הויז, און די אוצרות פון מלכס הויז; און ער האָט צעהאַקט
אַלע גילדערנע כּלים וואָס שלמה דער מלך פון ישׂראל האָט
געמאַכט אין דעם טעמפּל פון גאָט–אַזוי ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט.
[14]און ער האָט פאַרטריבן גאַנץ ירושָלַיִם, און אַלע האַרן, און
אַלע העלדישע גיבורים, צען טויזנט געפאַנגענע, און אַלע
מייַנסטערס און שלעסערס; קיינער איז ניט געבליבן אַחוץ די
אָרעמסטע פון דעם פאָלק פון לאַנד. [15]און ער האָט פאַר־
טריבן יהויָכינען קיין בָבל; אויך דעם מלכס מוטער, און דעם
מלכס ווייבער, און זיינע הויפּדינער, און די פּני פון לאַנד, האָט
ער אַוועקגעפירט אין גלות פון ירושָלַיִם קיין בָבל. [16]און אַלע
חיל־לייט, זיבן טויזנט, און די מייַנסטערס און די שלעסערס,
טויזנט, אַלע, גיבורים וואָס טויגן צו מלחמה, זיי האָט דער
מלך פון בָבל געבראַכט אין גלות קיין בָבל.
[17]און דער מלך פון בָבל האָט געמאַכט פאַר מלך אַנשטאָט
אים זיין פעטער מַתַּניָהן, און ער האָט אומגעביטן זיין נאָמען
אויף צדקִיָהו.

[18]איין און צוואַנציק יאָר איז צדקִיָהו אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און עלף יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען חַמוּטַל די טאָכטער
פון יִרמיָהון, פון לִבנָה.
[19]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט,
אַזוי ווי אַלץ וואָס אֶליָקים האָט געטאָן. [20]פאַרוואָר, פון וועגן

דעם צאָרן פון גאָט איז דאָס געשען אויף ירושלים און יהודה,
ביז ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפן פון זיין פנים.
און צדקיָהו האָט ווידערשפעניקט אָן דעם מלך פון בָבל.

כה 1 און עס איז געווען אין ניינטן יאָר פון זיין מלוכה, אין
צענטן חודש, אין צענטן טאָג פון חודש, איז געקומען
נבוכדנצר דער מלך פון בָבל, ער און זיין גאַנצער חיל, אויף
ירושלים, און ער האָט געלעגערט אויף איר, און זיי האָבן
געבויט באַלעגערוועריק רונד אַרום איר. 2 און די שטאָט איז
געווען אין באַלעגערונג ביזן עלפטן יאָר פון מלך צדקיָהון.
3 אין ניינטן טאָג פון [פירטן] חודש האָט זיך געשטאַרקט דער
הונגער אין שטאָט, און עס איז ניט געווען קיין ברויט פאַר דעם
פאָלק פון לאַנד. 4 און די שטאָט איז איינגעבראָכן געוואָרן, און
אַלע מלחמה־לייט [זיינען אַנטלאָפן] ביי נאַכט דורך דעם טויער
צווישן די צוויי מויערן וואָס ביים מלכס גאָרטן–און די כשׂדים
זיינען געווען רונד אַרום דער שטאָט–און [דער מלך] איז אַוועק
מיטן וועג פון פלוין. 5 אָבער דער חיל פון די כשׂדים האָט
נאָכגעיאָגט דעם מלך, און זיי האָבן אים אָנגעיאָגט אין די
פלוינען פון יריחו; און זיין גאַנצער חיל איז צעלאָפן פון אים.
6 און זיי האָבן געכאַפּט דעם מלך, און האָבן אים אַרויפ־
געבראַכט צום מלך פון בָבל קיין רבלָה; און מע האָט אַרויס־
געזאָגט אויף אים אַ משפּט. 7 און צדקיָהוס זין האָט מען
געשאָכטן פאַר זיינע אויגן; און צדקיָהוס אויגן האָט ער בלינד
געמאַכט, און ער האָט אים געשמידט אין קופּערנע קייטן, און
געבראַכט קיין בָבל.

8 און אין פינפטן חודש, אין זיבעטן טאָג פון חודש–דאָס
איז דאָס ניינצנטע יאָר פון מלך נבוכדנצר דעם מלך פון בָבל–
איז געקומען נבוזראדן דער הויפּט פון דעם לייב־חיל, דער

קנעכט פֿון דעם מלך פֿון בָּבֶל, קיין ירושָלַיִם. 9און ער האָט
פֿאַרברענט דאָס הויז פֿון גאָט, און דאָס הויז פֿון מלך; אויך אַלע
הייזער פֿון ירושָלַיִם, וואו נאָר אַ הויז פֿון אַ גרויסן מאַן, האָט ער
פֿאַרברענט אין פֿײַער. 10און די מויערן פֿון ירושָלַיִם רונד
אַרום האָט דער גאַנצער חיל פֿון די כַּשׂדים וואָס מיט דעם
הויפּט פֿון דעם לײַב־חיל אײַנגעוואָרפֿן. 11און דעם רעשט פֿון
פֿאָלק וואָס איז געבליבן אין שטאָט, און די אַריבערגעלאָפֿענע
וואָס זײַנען אַריבערגעלאָפֿן צו דעם מלך פֿון בָּבֶל, און דעם
רעשט פֿון הֶמון, האָט נבוזַראֲדן דער הויפּט פֿון דעם לײַב־חיל
פֿאַרטריבן. 12נאָר פֿון די אָרעמסטע פֿון פֿאָלק האָט נבוזַראֲדן
דער הויפּט פֿון דעם לײַב־חיל איבערגעלאָזן פֿאַר ווײַנ־
גערטנירער און פֿאַר אַקערלײַט.
13און די קופּערנע זײַלן וואָס אין הויז פֿון גאָט, און די
געשטעלן, און דעם קופּערנעם יַם וואָס אין הויז פֿון גאָט, האָבן
די כַּשׂדים צעבראָכן, און אַוועקגעטראָגן דאָס קופּער דערפֿון
קיין בָּבֶל. 14אויך די טעפּ, און די שופֿלען, און די שנײַצ־
מעסערס, און די שאָלן, און אַלע קופּערנע כּלים וואָס מע
פֿלעגט דינען מיט זיי, האָבן זיי צוגענומען. 15אויך די פֿײַער־
פֿאַנען, און די שפּרענגבעקנס, וואָס גאָלד, גאָלד, און וואָס
זילבער, האָט דער הויפּט פֿון דעם לײַב־חיל
צוגענומען. 16די צוויי זײַלן, דעם איין יַם, און די געשטעלן,
וואָס שלמה האָט געמאַכט פֿאַר גאָטס הויז—דאָס קופּער פֿון אַלע
דידאָזיקע כּלים איז ניט געווען אָפּצוּוועגן. 17אַכצן איילן איז
געווען די הייך פֿון איין זײַל; און אַ קופּערנע קרוין איז געווען
אויף אים; און די הייך פֿון דער קרוין איז געווען דרײַ איילן;
און אַ נעצווערק און מילגרוימען זײַנען געווען אויף דער קרוין
רונד אַרום, אַלץ פֿון קופּער; און דעסגלײַכן צום צווייטן זײַל,
איבער דעם נעצווערק.

18און דער הויפּט פֿון דעם לײַב־חיל האָט גענומען שׂרָיָה
דעם כּהן־גָדול, און צפַנִיָה דעם צווייטן כּהן, און די דרײַ שוועל־
היטערס; 19און פֿון שטאָט האָט ער גענומען איין הויפּדינער
וואָס איז געווען דער אויפֿזעער איבער די מלחמה־לײַט, און
פֿינף מענער פֿון די וואָס פֿלעגן זען דעם מלכס פּנים, וואָס
האָבן זיך געפֿונען אין שטאָט, און דעם שרײַבער פֿון דעם חיל־
פֿירער וואָס האָט אויפֿגענומען אין חיל דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד,
און זעכציק מאַן פֿון דעם פֿאָלק פֿון לאַנד וואָס האָבן זיך
געפֿונען אין שטאָט. 20און נבוזַרְאַדָן דער הויפּט פֿון דעם לײַב־
חיל האָט זיי גענומען, און האָט זיי אַוועקגעפֿירט צו דעם מלך
פֿון בָּבל קיין רִבלָה. 21און דער מלך פֿון בָּבל האָט זיי
געשלאָגן און געטייט אין רִבלָה אין לאַנד חֲמָת. אַזוי איז יהודה
אַוועק אין גָלות פֿון זײַן לאַנד.

22און דאָס פֿאָלק וואָס איז געבליבן אין לאַנד יהודה, וואָס
נבוכַדנֶצַר דער מלך פֿון בָּבל האָט איבערגעלאָזן—איבער זיי
האָט ער אויפֿגעזעצט גדַליָהו דעם זון פֿון אַחִיקָם דעם זון פֿון
שָפָנען.

23און ווי אַלע הויפּטלײַט פֿון חיל, זיי מיט די מענטשן, האָבן
געהערט, אַז דער מלך פֿון בָּבל האָט אויפֿגעזעצט גדַליָהון,
אַזוי זײַנען זיי געקומען צו גדַליָהון קיין מִצפָּה: און יִשמָעֵאל דער
זון פֿון נתַניָהן, און יוֹחָנָן דער זון פֿון קָרֵחן, און שׂרָיָה דער זון
פֿון תַּנחוּמֶתן, פֿון נטוֹפָה, און יַאֲזַניָהו דער זון פֿון דעם מַעֲכָתי,
זיי מיט זייערע מענטשן. 24און גדַליָהו האָט געשוואָרן זיי און
זייערע מענטשן, און האָט צו זיי געזאָגט: איר זאָלט ניט מורא
האָבן פֿאַר די קנעכט פֿון די כַּשׂדים; זיצט אין לאַנד, און דינט
דעם מלך פֿון בָּבל, און אײַך וועט גוט זײַן.

25אָבער עס איז געווען אין זיבעטן חודש, איז געקומען
יִשמָעֵאל דער זון פֿון נתַניָה דעם זון פֿון אֱלִישָמָען, פֿון

קיניגלאַכן אָפּשטאַם, און צען מענטשן מיט אים, און זיי האָבן געשלאָגן גדליָהון, און ער איז געשטאָרבן; אויך די יהודהער און די כַּשׂדים וואָס זיינען געווען מיט אים אין מִצפָּה. [26]און דאָס גאַנצע פאָלק פון קליין ביז גרויס, און די הויפּטלייט פון חיל, זיינען אויפגעשטאַנען און זיינען אַוועק קיין מִצרַיִם, וואָרום זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די כַּשׂדים.

[27]און עס איז געווען אין זיבן און דרײַסיקסטן יאָר נאָך דעם גָלות פון יהוֹיָכין דעם מלך פון יהודה, אין צוועלפטן חודש, אין זיבן און צוואַנציקסטן טאָג פון חודש, האָט אֶויל־מרוֹדַך דער מלך פון בָבל, אין דעם יאָר וואָס ער איז געוואָרן מלך, אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון יהוֹיָכין דעם מלך פון יהודה, פון תּפיסה. [28]און ער האָט גערעדט צו אים פרײַנטלאַך, און האָט געשטעלט זיין שטול איבער די שטולן פון די מלכים וואָס ביי אים אין בָבל. [29]און ער האָט אומגעביטן זיינע תּפיסה־קליידער, און ער האָט געגעסן ביי אים ברויט תָמיד אַלע טעג פון זיין לעבן. [30]און זיין אויסקומעניש, אַ שטענדיקע אויסקומעניש, איז אים געגעבן געוואָרן פון מלך טאָגטעגלאַך אַלע טעג פון זיין לעבן.